מאָריס ראָזענפעלד

# אויסגעקליבענע שריפטן

001

יוסף ליפשיץ-פאָנד
פון דער ליטעראַטור-געזעלשאַפט ביים ייוואָ
בוענאָס-איירעס

מאָריס ראָזענפעלד

# אויסגעקליבענע שריפטן

## לידער — עסייען — פעליעטאָנען

מיט ניגונים צו 5 לידער

פראַגמענטן פון פאַרשאַרבעטן
צו דער כאַראַקטעריסטיק
ז כ ר ו נ ו ת
בילדער

אַריינפיר און רעדאַקציע
פון
שמואל ראָזשאַנסקי

2טע אויפלאַגע



13טער באַנד פֿון ציקל

# מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור

אַרויסגעגעבן פון

יוסף ליפשיץ־פֿאָנד

פון דער

ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט בײַם ייִווּאָ

אין אַרגענטינע

אונטער דער רעדאַקציע פון

שמואל ראָזשאַנסקי

קאָרעקטור: שעפסל נײַהויז

טיראַזש: 1.000 עקז׳

יאָר: ה׳תשכ״ט — 1969

ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט ביים ייווּאָ אין אַרגענטינע

# תוכן

זײַט

## בילדער און אילוסטראציעס



## צייכענונגען פון אפרים־משה ליליען:



## מוזיק

# ביאָגראַפישע שטריכן

מאָריס (משה־יעקב אַלטער) ראָזענפעלד, געבוירן דעם 28סטן דעצעמבער 1862 אין פישערדאָרף באָקשאַ, ביי סוּוואַלק, רוסלאַנד, איז דער ערשטער ייִדישער פּאָעט אין אַמעריקע, וועלכער איז פּאָפּולער און באַליבט געוואָרן אויף דער גאַנצער וועלט.

ער איז דורכגעגאַנגען די פאַרשיידנסטע אומוועגן פון ייִדישן ליידנסוועג. געטריבן פון פּאָגראָמען, געפּילט דעם ביטערן טעם פון כאַאָטישער עמיגראַציע. צו דער פּלאָג פון שווערער נויט, פילנדיק זיך ביי דער אַרבעט פון דער שוויצפאַבריק ווי אַ שקלאַף, האָט אים דאָס ביטערע מזל אויך באַגלייט אין שטוב און אין דער רעדאַקציע, נישט געקוקט אויף זיין בליץ־דערפאָלג אַפילו אין דער נישט־ייִדישער וועלט. דערפאַר איז זיין פּאָעזיע, אינספּירירט פון טרויער און אומגליק, פון אַנטוישונג און פאַרביטערונג אין זיין אייגענעם לעבן, באַגאָסן מיט טרערן. דערפאַר ווערט מאָריס ראָזענפעלד גערופן דער טרערן־מיליאָנער פון דער ייִדישער אַמעריקע.

*

נאָך קליינערהייט איז ר. אַריבער מיט די עלטערן קיין וואַרשע. דערנאָך קיין סוּוואַלק. געלערנט אין חדר תנ״ך און גמרא. שפּעטער — אַ ביסל פּויליש און דייטש. היימיש געוואָרן אין די לידער פון מיכל גאָרדאָן, אליקום צונזער, אַברהם גאָלדפאַדען, טייל פון זיי געקענט זינגען. „זיין שטימע האָט אַלעמען באַצויבערט״ (דערציילט די אַלמנה ר. דעם שרייבער קלמן מרמר).

ר. האָט צו 15 יאָר גענומען שרייבן לידער. איינער פון זיינע ערשטע שירים האָט געהייסן „די זעלנעריי״. כאָטש נישט געווען געדרוקט, איז שוין דער טיטל אַליין כאַראַקטעריסטיש: ווי מיר זעען, האָט ר. גלייך פון אָנהייב ליב געהאַט צו באַרירן ברענענדיקע אַקטועלע פּראָבלעמען.

*

ר. האָט חתונה צו די 18 יאָר, נאָר גט זיך נאָך זעקס חושים. אין 1882 האָט ער חתונה צום צווייטן מאָל און אָט די פרוי, רבקה באַשע־ביילע יאַוואָראָחסקי, מאַכט מיט אים דורך דעם גאַנצן לעבנסוועג פון ווייַן. זי פאַרערט אים און ער — זי.

1882 איז דאָס יאָר, ווען עס הייבט זיך אָן די מאַסן־עמיגראַציע פון רוסלאַנד. ס׳איז נאָך די פּאָגראָמען. ייִדן לויפן מער ווי אומעטום קיין נאָרד־אַמעריקע. פאָרט ר. אויך. אויפן וועג בלייבט ער דריי חדשים אין אַמסטערדאַם, אַרבעטנדיק ביי שלייפעריי פון דיאַמאַנטן. נישט מער מזל האָט ער מיט זיין איינוואַנדערן צום ערשטן מאָל אין פאַראייניקטע שטאַטן. אַן אַנטוישטער פאָרט ער גיך צוריק. אויפן וועג בלייבט ער זעקס חושים אין ענג־

לאַנד. צוריקקומענדיק אין סוּוואַלק ווערט ער אָבער ווידער אַנטוישט. די אַלטע היים איז געוואָרן אויס היים. אַפילו דער טאַטע, אַ מיליטערישער שניידער, איז מיטן עמיגראַנטן־שטראָם פאַרטראָגן געוואָרן קיין לאָנדאָן און אין זיין נייער היים צו מאָל אויסגע־זוכט אין אַ שולעכל ייִדן, צו לערנען מיט זיי אין שבתים און ימים־טובים.

קומט ר. אין 1883 ווידער אין לאָנ־דאָן. ווערט אַ שניידער און דורך דער שניידעריי ווערט ער היימיש מיט דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג און איר באַ־רימטן „בערנער סטריט־קלוב“. ער שרייבט דאָ זיינע ערשטע לידער וועגן דער גרויזאַמער אַרבעטער־נויט, נאָר דרוקט זיי נישט. אין דער דאָזיקער היים פון שווערער נויט זיינען ביי אים געשטאָרבן דריי קינדער.

*

אין 1886 קומט ר. צום צווייטן מאָל אין נאָרד־אַמעריקע און באַזעצט זיך אין ניו־יאָרק — אויפן גאַנצן לעבן. אין אָט דעם יאָר דעבוטירט ער. זיין ערשט געדרוקט ליד הייסט: דאָס יאָר 1886. מיר זעען ווידער, שוין פון טיטל אַליין, די נייגונג צו איבערגעבן אין פערזן שטימונגען פון טאָג.

אין 1888 גיט ער אַרויס זיין ערשטע לידער־זאַמלונג, „די גלאָקע“, 28 „פאָלקסלידער און רעוואָלוציאָנערע געדיכטע“ (אויפן שער־בלאַט ווערט אָנגעגעבן: „מיט הילפע פון י. מ.“; די איניציאַלן זיינען פון געלערנטן י. מ. מעריסאָן, וועלכער איז אַליין קיין מאָל קיין פּאָעט נישט געוואָרן). שפּעטער האָט ר. אָפּגעקויפט די איבערגעבלי־בענע עקזעמפּליאַרן פון „די גלאָקע“ און זיי פאַרברענט.

ער אַרבעט־מיט אין פאַרשיידענע צײַ־טונגען, פונקט אַזוי אין דער סאָציאַ־ליסטישער „ניו־יאָרקער יודישע פאָלקס־צייטונג“, ווי אין דעם לאָנדאָנער אַנאַר־כיסטישן „אַרבעטער־פריינד“, אָדער גאָר אין דעם פּעטערבורגער באַלעבאַ־טישן „יודישעס פאָלקסבלאַט“.

זיינע לידער דרינגען־אַריין צווישן די ברייטע אַרבעטער־מאַסן, מ׳נעמט זיי זינגען אין די „שעפּער“, פונקט ווי אין די אַרבעטער־היימען, אויף פאַרזאַמלונ־גען און אויף קאָנצערטן. אַזוי ווי ר. איז אַליין אַ גוטער דעקלאַמאַטאָר, האָט ער געפּרוּווט מאַכן אַ לעבן ווי אַ דעק־לאַמאַטאָר אויף עפנטלעכע אַרויסטריטן פון אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, אָבער... געמוזט זיך אומקערן צום שניידער־וואַרשטאַט, כאָטש זיין געזונט איז גע־ווען געבראָכן.

*

געבראָכן אין געזונט, זוכט ר. צו באַפרייען זיך פון „שאַפּ“. דער שניי־דער־סינדיקאַט גיט אים אַזאַ געלעגנ־הייט: ער ווערט אָנגעשטעלט ווי אַן „אַרבעט־דעלעגאַט“. די אַרבעט שטעלט אים אָבער ניט צופרידן — גייט ער פון איר אַוועק אין עטלעכע חדשים אַרום.

ר. נעמט זיך צום רעדאַקטירן זשור־נאַלן. נאָך דעם ווי ער האָט אין 1890 אַרויסגעגעבן זיין צווייטע לידער־זאַמ־לונג, „די בלומענקעטטע“, רעדאַקטירט ער אין 1892 „די זון“, גיט־אַרויס אין 1893 זיין דריטע לידער־זאַמלונג,

„פּאָעזיען אונד ליעדער", און רעדאַקטירט אין 1894 אַ וואָכנבלאַט פאַר סאַטירע, „דער אשמדאי", ווו ער פּאָלעמיזירט מיט שרייבערס, אַטאַקירט זיי, פּונקט ווי די אַרויסגעבערס, אין סטיל פון מאָטאָ, וואָס דאָס בלאַט האָט אַרויסגעשטעלט: „הך הכפתור וירעשו הספים — האַק אין דער מאָרדע, אַז די ציינער זאָלן טרעשטשען!"...

*

1897. מיטן אַרויסגעבן „דאָס ליעדער־בוך" האָט ר. געהאָפט צו דערגרייכן אַזאַ דערפאָלג, וואָס זאָל ענדגילטיק ענדערן זיין לעבן. נאָר דווקא מיט דעם בוך האָט ער געהאַט ווייניקער דערפאָלג ווי מיט אַנדערע. זיין פאַרצווייפלונג דויערט אָבער נישט לאַנג, ווייל אין 1898 ווערט ער אַזוי באַרימט, ווי ער האָט עס גאָר נישט דערוואַרט. די איבערזעצונגען פון ר. לידער, וואָס עס האָט געמאַכט פּראָפ׳ לעאָן ווינער מיט דער הילף פון י. ראָמבראָ (פיליפּ קראַנץ), וועלכער האָט שרייבעריש ר. געהאָלפן נאָך אין לאָנדאָן זייענדיק, צעטראָגן ראָזענפעלדס נאָמען אין דער ברייטער וועלט. דער פּראָפעסאָר פון סלאַווישע שפּראַכן אין האַרוואַרדער אוניווערסיטעט האָט אַזויץ דער שיינער אויסגאַבע Songs from the Ghetto אַזוי וואַרעם רעקאָמענדירט פאַר דער ענגלישער וועלט, אַז ר. איז אין דעם זעלביקן יאָר 1898 פאַרבעטן געוואָרן אויף אַ פאָרלעזונג אין האַרוואַרדער אוניווערסיטעט, אין 1900 האָט ער געלייענט זיינע לידער אין שיקאַגער אוניווערסיטעט, אין 1902 אין וועלסלער און ראַדקליף־קאָלעדזש.

דער יידישער פּאָעט ווערט אַ סענסאַציע, אַזאַ סענסאַציע, אַז ענגלישע צייטונגען, ספּעציעל די וואָס יאָגן זיך נאָך סענסאַציעס, דרוקן איטערוויוען מיט ר., דרוקן חוץ זיינע פּאָרטרעטן אויך בילדער „פון געטאָ", ווי אויך איבערזעצונגען פון ר. לידער. אין 1902 דערשיינט אין בערלין ר. Lieder des Ghetto אין דער איבערזעצונג פון בערטאָלד פייוועל, אילוסטרירט פון אפרים ליליען. אַ פּראַכטפולע אויסגאַבע.

ר. שרייבט אין דעם יאָר אָן זיין ליד (אויף ענגליש) „איך ווייס נישט פאַר וואָס". אויך דער טיטל רעדט פאַר זיך אַליין...

*

אין 1904 פאָרט ר. ווי אַ דעלעגאַט צום 4טן ציוני׳ קאָנגרעס אין לאָנדאָן.

זיין שם ווי אַ שרייבער צעגייט זיך איבער דער יידישער וועלט אַ דאַנק זיין מיטאַרבעטן אין יידישע אויסגאַבעס פון פאַרשיידענע ישובים, און נישט בלויז מיט לידער, נאָר אויך ווי אַ פעליעטאָניסט, פּובליציסט און זשורנאַליסט. עס רעקלאַמירט זיין שרייבן מיכל מינצס „דער טעגלעכער העראָלד" (1901), הירש מאַסליאַנסקיס „די אידישע וועלט" (1902), „דאָס ניו־יאָרקער מאָרגענבלאַט", ווי דער קראָקעווער „דער יוד" און דער פּעטערבורגער „דער פריינד" (1905).

אין פ׳ „די אינטערנאַציאָנאַלע ביבליאָטעק" דערשיינט אין 1904, אין נ"י, „געזאַמלטע לידער פון מאָריס ראָזענפעלד", וואָס איז געוואָרן דער יסוד

פון אַלע ווייטערדיקע אויסגאַבעס אין 6 בענד אין 1910 און 1912 (פון „פאַרווערטס״).

צוזאַמען מיטן דערשיינען פון זיין ערשטער קאָלעקציע געזאַמלטע שריפטן האָט ר. אָנגעהויבן אַ נייעם עטאַפּ אין זיין לעבן: אַוועק דעפיניטיוו פון שניידעריי און אַריין אין דער זשורנאַליסטישער פּראָפעסיע. עס האָט אָבער נישט לאַנג גענומען און ר. האָט זיך אַרומגעזען, אַז אויך אין זשורנאַליזם קען ער ניט זיין ווי ער וויל, און ער האָט זיך גענומען בונטעווען קעגן די צייטונגען, זייערע שרייבערס און אַרויסגעבערס.

*

אין 1905 שטאַרבט ראָזענפעלדס באַליבטער, פיל צוזאָגנדיקער, באַגאַבטער 15יאָריקער זון יוסף, און דאָס צעשמעטערט דעם פּאָעט פון „מיין יינגעלע״. ער ווערט פּאַראַליזירט אויף אַ העלפט קערפּער און איז אין געפאַר בלינד צו ווערן. פריינד האָבן געמאַכט אין צייטונגען אַן אַקציע צו שאַפן פאַרן דיכטער מיטלען צו ראַטעווען זיך. עס געפינען זיך אָבער אַזוינע, וועלכע זאָגן, אַז די גאַנצע מעשה מיטן בלינד ווערן איז אַן אויסגעטראַכטע... פונקט ווי אייניקע פאַרזיכערן, אַז ער אַליין זאָל עס האָבן אין 1906 פאַרשפּרייט דעם קלאַנג, אַז ער איז געשטאָרבן... עס זיינען דעמאָלט דערשינען אין אַלע צייטונגען נעקראָלאָגן פול מיט שבחים און ר. האָט געהאַט די געלעגנהייט צו איבערצייגן זיך, ווי באַליבט און אָנערקענט ער איז — אַפילו צווישן זיינע שונאים.

*

נאָר ווי געבראָכן ר. איז געווען אין 1905, רעדאַקטירט ער פון דעסט וועגן אין דעם יאָר דאָס „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״. אין וואַרשע דערשיינט אַ נייע אויסגאַבע זיינע, „געקליבענע לידער״, און אין פּראָג דערשיינט אויף טשעכיש, אין דער איבערזעצונג פון יאַראָסלאַוו ווערכליצקי, Zpévy z Ghetta.

גאָר אַ באַזונדער מזל האָט ר. צו פּויליש. נאָך אין 1903 דרוקט ישראל וואַלדמאַן אין ווין איינציקע איבערזעצונגען, אָבער אין 1906 גייט־אַרויס אין אַ בוכפאָרעם ,Piesni Pracy און שפּעטער האָבן ר. איבערגעזעצט אויף פּויליש אַלפרעד טאָם, וו. עסדע, הירשהאָרן, מ. שערלאַג. אין 1906 דערשיינט אין זאַגרעב אויף יוגאָסלאַוויש .Pjesme iz geta

*

קומענדיק אַ ביסל צו זיך, איז ר. אויפגענומען געוואָרן פאַר אַ מיטאַרבעטער אין רעדאַקציע פון „פאָרווערטס״ און דאָ ווייזט ער אַרויס זיינע גרויסע פעיקייטן אויף פאַר צייטונג־אַרבעט, אין זשורנאַליסטיק, ווי אין רעפּאָרטאַזש. ער שרייבט אויך גרעסערע אָפּהאַנדלונגען וועגן זיינע ליבלינג־פּאָעטן היינריך היינע און ר׳ יהודה הלוי; זיי ווערן געדרוקט אין באַזונדערע אויסגאַבעס. זיין אַרבעט ווערט אָבער ווידער איבערגעריסן איבער זיין אויגן־קראַנקייט, וועלכע דראָעט אים צו ווערן אין גאַנצן בלינד.

*

אין 1908 פאָרט ר. אויף אַ טור איבער אייראָפּע און ווערט אויפגענומען

ענטוזיאַסטיש אין פאַרשיידענע גרויסע שטעט פון מערב און מזרח. אין לאָנדאָן האָט איינטיילגענומען אין קבלת־פּנים לכבוד ר. דער פּראָמינענטער שריפטשטעלער ישראל זאַנגוויל און אין ווין — אַדאָלף זאָנענטאַל, דער גרעסטער בינע־קינסטלער פון עסטרייך. אָבער נאָך אַלע ענטוזיאַסטישע אויפנאַמעס, ספּעציעל אין גאַליציע, ווו ער איז אַרומגעפאָרן און נאָך דעם באַשריבן די יידישע שטעט און שטעטלעך, האָט ער זיך געפונען אין זייער אַ שלעכטער מאַטעריעלער לאַגע, אַזוי ווייט, אַז י. ל. פּרץ, צוריקפאָרנדיק פון דער ערשטער יידישער שפּראַך־קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ, איז אויפגעטראָטן מיט אַ רעפעראַט אויף אַן אָוונט, וואָס די הכנסה איז געגאַנגען פאַר ר.

*

אין 1908 דערשיינט אין וואַרשע אַ באַנד Piesni z Ghetta, אין בודאַפּעסט Koltemėnyei און אין ניו־יאָרק 2 בענד שריפטן, וועלכע זיינען דער יסוד פון זיינע געזאַמלטע ווערק אין 6 בענד, דערשינען אין 1910.

*

„דער פאָרווע[illegible]" גיט אין 1912 אַרויס מאָריס ראָזענפעלדס נייע 3 בענד געוויילטע שריפטן און אין 1913 ווערן אין דער גאַנצער יידישער וועלט דורכגעפירט פייערונגען לכבוד זיין 50סטן געבוירנטאָג. דער דיכטער, אַ דערמוטיקטער, גיט־אַרויס אין 1914 דאָס בוך פון ליבע, בעת אין באָסטאָן ווערט אַרויסגעגעבן אַ באַנד פון זיינע לידער אין אַן ענגלישער איבערזעצונג, Songs of Labor, נאָר פּונקט דעמאָלט, ווען ער האָט העכער צו שטייגן, פאַרלירט ער זיין פּלאַץ אין „פאָרווערטס" און מיט דעם ווערט זיין מאַטעריעלע לאַגע ווידער פאַרערגערט.

*

ער ווערט אַ מיטאַרבעטער פון „טאָגעבלאַט", אָבער דאָ ווערט ער איינזאַמער ווי פריער. אי ער פאַרקריגט זיך אין זיין פאַרביטערונג מיט זיינע פריערדיקע פריינד, אי ער געפינט נישט די נייע סביבה פאַר זיין דיכטונג. אין 1919 גיט ער אַרויס „גרינע" צרות און אַנדערע שריפטן, וועלכע שפּיגלען־אָפּ זיין דערשלאָגנקייט און עלנט. און דעם גרעסטן צער האָט אים פאַרשאַפט דאָס אָרטאָדאָקסישע בלאַט, ווען עס האָט אים דעם 4טן מאַרץ 1921 אָפּגעזאָגט ווייטער צו דרוקן...

פריינד און פאַרערערס האָבן פון דעסט וועגן דורכגעפירט אין ניו־יאָרק דעם 26סטן מיי 1923 אַ גרויסע פייערונג לכבוד זיין 60יאָריקן יובילייי, אָבער דאָס איז שוין געווען האַרט ביים סוף — אין עטלעכע וואָכן אַרום, דעם 22סטן יוני 1923, איז מאָריס ראָזענפעלד געשטאָרבן.

*

ווי פאַרשיידן מאָריס ראָזענפעלד ווערט אָפּגעשאַצט, איז אָבער פאַר אַלעמען אָן אונטערשייד קלאָר, אַז ער איז דער ערשטער גרויסער יידישער פּאָעט פון אַמעריקע און ווי אַזאַ פאַרנעמט ער דעם אויבנאָן אין אַלע לערנביכער, לייענביכער און אַנטאָלאָגיעס פון יידישער ליטעראַטור.

# מאָריס ראָזענפעלד, דער טרערן־מיליאָנער פון דער גרינער אַמעריקע

## דער פּאָפּולערסטער און איינזאַמסטער שרײַבער

ניטאָ אין דער ייִדישער ליטעראַטור נאָך איין שרײַבער, וועמען מ'האָט אַזוי שטאַרק געלויבט און אַרויסגעהויבן, ווי מאָריס ראָזענ־פעלד, און אַזוי ביטער אַראָפּגעריסן און דערנידעריקט.

שוין אין 1897 שרײַבט דער דיכטער אין אַ בריוו צו זײַן גרעסטן פאַרערער, פּראָפעסאָר לעאָ ווינער: „זעלטן ווו איר ועט געפינען, אונטער ייִדן אין אַמעריקע, אַ מענטש וואָס זאָל האָבן אַזוי פיל באַקאַנטע און ניט האָבן צו וועמען אַ וואָרט אויסצורײדן — איך בין פילײַכט דער איינציקער" [1].

דער לאַטוטניק, וועלכער האָט די זכיה, אַז אוניווערסיטעטן זאָלן אים פאַרבעטן און ער קומט פאַרלייענען פאַר די סטודענטן זײַנע לידער אין „יודעאָ־דײַטש־ווערסיפיקאַציע" [2], און אַנטדעקט פאַר די עכטע אַמעריקאַנער די גרינע אַמעריקע, דערלעבט אַז „זײַן" טאָגבלאַט זאָל אים מיט אַ בריוועלע פון פיר שורהלעך אָפּזאָגן, ווײַל זײַן „שרײַבן איז ניט גענוג אין קוואַליטעט און קוואַנטיטעט" [3].

אין די זעלביקע יאָרן, וואָס ער איז פאַר אַ ראַפינירטן קריי־

---

[1] מאָריס ראָזענפעלדס בריוו, אַרייַנפיר און דערקלערונגען פון י. ליפשיץ, ייִוואָ, ב"א 1955, ז' 42.

[2] Leo Wiener - **Songs from the Ghetto,** Morris Rosenfeld, Boston 1898, Pag. 115.

[3] קלמן מרמר — „פון מאָריס ראָזענפעלדס ליטעראַרישער ירושה", פּנקס, נ"י 1927, ב' 1, העפט 1־2, ז' 210.

טיקער אַ כּהן גדול, „דער אמתער קינסטלער, דערווירקלעכער דיכ־טער־טראַגיקער" [4], זאָגט אַ ליטעראַטור־פֿאָרשער, אַז „אין דעם, וואָס ניט־ייִדן און „אויך ייִדן" האָבן אַזוי אויפֿגענומען מאָריס ראָזענפֿעלדן, שטעקט פֿאַר ייִדיש, פֿאַר דער ייִדישער פּאָעזיע, אַ שטומע באַליי־דיקונג" [5].

אַנטקעגן דער התפּעלות פֿון איין וואָרטזאָגער, אַז „עס ווערט, דאַכט זיך, גרינגער אויפֿן האַרצן, ווען מען לייענט ראָזענפֿעלדס געדיכטן, די טרערן קומען ווי אַ גאולה" [6], פּסקנט אַ צווייטער וואָרט־זאָגער, אַז ראָזענפֿעלד דאַרף באַטראַכט ווערן נאָר ווי אַ „באַגאַבטער פֿידל־שפּילער, וועלכער קען אויף זײַן אינסטרומענט שפּילן אַלער־ליי ניגונים און אויף אַלערליי חתונות" [7]...

און בעת דער אַנאַליטישער קריטיקער שטעלט־פֿעסט, אַז „נאָר אויבנאויפֿיקע מענטשן האָבן זיך אײַנגערעדט, אַז ראָזענפֿעלד איז אַ סאָציאַלער קעמפֿער, אַ סאָציאַלער דיכטער", אָבער אין אמתן איז ער „אַ איך־דיכטער", ווײַל „קיין געפֿיל איז ניט אַזוי שטאַרק אין אים ווי דאָס איך־געפֿיל, קיין באַוווסטזײַן ניט אַזוי שאַרף ווי דער זעלבסט־באַוווסטזײַן, קיינעליידן וועקן נישט אויף אין אים אַזוינע ליַדנ־שאַפֿטן, רירן נישט אָן אַזוי צאַרט און אַזוי מעכטיק די סטרונעס פֿון זײַן דיכטער־פֿידל, ווי די ליידן פֿון זײַן אייגענער פֿיזישער און גײַסטיקער פּערזענלעכקייט" [8], קומט דער איך־דיכטער פֿון „די יונ־גע" מיט דער גרויסער טענה צו מאָריס ראָזענפֿעלדן, הלמאי „ער האָט זיך דערשראָקן" צו בלײַבן אַליין, צו גיין אַליין, צו ראַנגלען זיך אַליין „אונטערן שײַן פֿון דער נײַער וועלט" [9]...

---

[4] ב. ווּלאַדעק — „מאָריס ראָזענפעלד", די האָפנונג נ׳ 35, ווילנע 1907.
[5] בעל־דמיון — „די ייִדישע פּאָעזיע", דאָס נייע לעבן, נ״י, אַפּריל 1910.
[6] ראובן בריינין — שריפטן, וואַרשע 1909, ז׳ 83.
[7] אַב. קאַהאַן — בלעטער פון מיין לעבן, ב׳ 4, ווילנע 1929, ז׳ 459.
[8] ש. ניגער — „מאָריס ראָזענפעלד", די יודישע וועלט, נ׳ 5, ווילנע 1913.
[9] ה. לייוויק — „די — אָן טראַדיציע", דער אינדזל, ז״ב, נ״י 1918, ז׳ 17.

און טאָמער זײַנען ווייניק די אַלע קעגנזעצלעכע שטעלונגען און אָפּשאַצונגען, איז מאָריס ראָזענפֿעלד געוואָרן אין די לעצטע יאָרן פֿון זײַן צעפּײַניקטן לעבן אַ באַליבטע טעמע „אויף די זײַטיקע געס־לעך פֿון רכילות אָדער לשון הרע־טרײַבערײַ“[10], באַשר זײַן שטור־מישע נאַטור און בײַסיקער גראַם אין סאַטירעס און פּאָלעמיק האָט צערייצט קעגן אים די באַליידיקטע פֿון רעכטס און לינקס...

מאָריס ראָזענפֿעלד איז אין דער גרינער אַמעריקע ווי אין אַ קעסלגרוב, געשליידערט פֿון עקסטרעם צו עקסטרעם.

אָט איז ער העלד, אָט איז ער קרבן.

## דער פּאָעט פֿאַר דער געשיכטע

אין דעם פּלאָנטער פֿון ווידערשפּרוכן איז מאָריס ראָזענפֿעלדס לעבן און שאַפֿן אַזוי פֿאַרנעפּלט געוואָרן, אַז ער איז פֿאַר אַ סך נאָך פֿאַר זײַן טויט שוין געווען „טויט“.

שוין אין 1913, צו זײַן 50יאָריקן יובילײ, שטעלט אַ סאָלידער קריטיקער די פֿראַגע: „פֿייערן מיר דען איצטער דעם יובילײ פֿון אַן אויסגעזוונגענעם פּאָעט?“[11] דער מאָדערניסטישער פֿײַנשמעקער זעט אין אים „בלויז פּאָזע, און ניט קיין פּערזענלעכע, נאָר די פּאָזע פֿון דער צײַט“, באַשר „אין דער זעלביקער צײַט, ווען ער באַזינגט און דעקלאַמירט וועגן דער אייביקייט פֿון ייִדישן פֿאָלק און צעלאָזט זיך מיט מעלאָדראַמאַטישן פּאַטאָס, וואָס איז אַזוי אייגן פֿאַר אים, וועגן דער שיינקייט פֿון דער ייִדישער שפּראַך, באַצייכענענדיק זי אַלס „זײַן בעסטן חלק, וואָס איז אים ליב און הייליק“, קלאָגט ער אויף דעם, וואָס ייִדן אַמעריקאַניזירן זיך ניט און וואָס זיי רײדן ייִדיש און ניט דעם לשון המדינה — ענגליש“[12]. און קומען־אויף די אײנ־

---

[10] ש. צ. זעצער — „מאָריס ראָזענפעלד“, פיגורן, נ״י 1923.

[11] ש. ניגער — „מאָריס ראָזענפעלד“, די יודישע וועלט נ׳ 5, ז׳ 86.

[12] זישע לאַנדוי — אַריינפיר צו אַנטאָלאָגיע: די יידישע דיכטונג אין אַמעריקע, נ״י 1919, ז׳ III.

זיכיסטן, פּראָקלאַמירן זיי אין זייער מאַניפעסט פון 1920, אַז „מיכל גאָרדאָן, שמעון פרוג, מאָריס ראָזענפעלד, א. ליעסין, ה. רויזענ־בלאַט — זיינען אַלע גוט אין זייער צייט, אָבער אַלע בלויז אין זייער צייט"[13]. דער דיכטער־קריטיקער פון יינגערן דור אין אַמעריקע איז גלייך פון אָנהייב מער אָביעקטיוו. ער באַפרייט זיך שוין פון די טאָג־שטימען, וועלכע האָבן געווירקט אויף די מיטציַיטלערס. און זעט שוין פון היסטאָרישער פּערספּעקטיוו „ראָזענפעלדס דינאַמיק, גרויס־צוגיקע רעטאָריק, וואָרט־זיכערקייט, פאָלקייט, גאַנצקייט און אמת־דיקייט פון געפיל", און זעט אַפילו, אַז „זיין אידייִישער פּאָזיטיוויזם קאָן נאָך בלי שום ספק רעגן און באַאיינפלוסן"[14].

מאָריס ראָזענפעלדס אויפטו אין דער יידישער ליטעראַטור ווערט, אַזוי אַרום, אַלץ קלאָרער, וואָס מער יאָרן עס גייען־אַוועק. וואָס וויַיטער, אַלץ נאָענטער. די געשיכטע איז ווי דאָס ליכט, וואָס פאַרטרייבט די שאָטנס...

דערפאַר איז די גרויסע געלעגנהייט צו רעהאַביליטירן דעם ערשטן גרויסן דיכטער פון דער יידישער אַמעריקע געקומען ביים פייערן זיין 100סטן געבוירנטאָג, אין 1962. די גרויסע אויסשטעלונג פון יִיוואָ אין ניו־יאָרק העלפט אינעם ליכט פון דער ליטעראַטור־געשיכטע אָפּרייניקן אים פון טאָגשטויב און מאָמענט־רכילות, וואָס האָבן פאַרטונקלט זיין פערזענלעכקייט. „מען דאַרף, מען מוז ראָזענ־פעלדן אויסלייזן פון פאַלשע ביאָגראַפן! — קומט מיט אַן אַפּיל אַרויס דווקא דער סובטילער אינטעלעקטועלער דיכטער און ראַפינירטער קריטיקער פון מאָדערנסטן שניט, און ער גיט־צו ממש רירנדיק — מיר האָבן אַלע געזינדיקט קעגן אים און אים נישט געזוכט דאָרט, ווו ער איז געווען מיט זיין גאַנצער נשמה", און געווען איז ער „אַ גרויסער ייד־פּאָעט, וויל אַלץ, וואָס ער האָט געזונגען, האָט געהאַט

---

[13] יעקב גלאַטשטיין, א. לעיעלעס, נ. מינקאָוו — אין זיך, נ"י 1920, ז' 22.

[14] א. טאַבאַטשניק — „אונדזער פּאָעזיע פעלן קלאַסיקער", עפּאָכע נ' 20, נ"י 1945, ז' 94.

אויף זיך דאָס ליכט פֿון די נבֿיאים, זייער פֿלאַמענדיקן דראַנג נאָך שיינקייט, צדק און יושר", און „מיר קאָנען ביים הײַנטיקן טאָג נישט אויסמעקן קיין איין מיינונג זײַנע, ווײַל ער איז געשטאַנען מיטן פּנים צו די שענסטע קאַמפֿן פֿון זײַן פֿאָלק און פֿון זײַן קלאַס"[15].

אונטערן ליכט פֿון דער ליטעראַטור־געשיכטע שײַנט, אַזוי אַרום, אויף מאָריס ראָזענפֿעלדס פֿאַרשאָטנטע פּאָעטישע געשטאַלט און ער שטײַגט־אויף ווי דער קאָלירפֿולער דיכטער, וועלכער איז געגאַנגען קעגן שטראָם.

## די אַנטאָלאָגיע פֿון אַ דור

מאָריס ראָזענפֿעלד, וואָס אַפֿילו „זײַן שוואַכסט ליד פֿאָדערט אַ פּאָעט פֿאַר אַ פֿאַרפֿאַסער"[16], איז חוץ פּיאָנער און מײַסטער פֿון אַמעריקאַנער ייִדישן ליד אויך אַ פֿאָרגייער פֿון ייִדישן פּרײַגײַסט. פּונקט ווי ער גייט מיטן שטראָם, אַזוי גייט ער קעגן שטראָם.

אַ שטורמישע נאַטור, אָפֿט ספּאָנטאַן און שטענדיק פּאָעטיש אָדער ליריש, איז ער אינדיווידואַליסט. אין אַ צײַט ווען אַפֿילו „דאָס וואָרט איך איז געווען אַ נײַס אין דער סאָציאַלער דיכטונג"[17], ווען דאָס זײַן יחידיש איז אין דער אימיגראַנטישער אַמעריקע געווען דאָס זעלביקע ווי יעכידנע... בעת מ'איז געשטאַנען אויף די קני פֿאַר „מאַסע" און „כּלל ישׂראל", בעת אין דער גרינער אַמעריקע, צע־רייצט פֿון דלות, האָט געהערשט צווישן ראַדיקאַלן לאַגער און טראַ־דיציאָנעלע ייִדן נישט קיין קלענערע שׂנאה און צעריסנקייט ווי צווישן משׂכּילים און חסידים אין צאַרישן רוסלאַנד, פֿאַרגינט זיך ראָזענפֿעלד אַריבערצוגיין כּסדר פֿון איין עקסטרעם צום אַנדערן. פֿרײַ, ווי דער פֿויגל פֿרײַ. אומאָפּהענגיק. אָט איז ער ווי אַן אַנאַר־

---

[15] יעקב גלאַטשטיין — „מאָריס ראָזענפֿעלדס געשטאַלט", די צוקונפֿט, נ"י, אַפּריל 1962.

[16] ב. ריווקין — יודישע דיכטער אין אַמעריקע, ב' 1, נ"י 1947, ז' 35.

[17] ב. י. ביאַלאָסטאָצקי — חלום און וואָר, נ"י 1956, ז' 448.

כיסט אַ „קראַטער פֿון צאָרן" קעגן די פֿאַרשקלאַפֿערס, וועלכע ער זאָגט־אָן דעם אָנקומענדיקן טאָג פֿון משפּט. „ווײַל די אַנאַרכיסטן האָבן צוגעזאָגט די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן אָט טאַקע באַלד" [18], און אָט איז ער גאָר דער באַווײנער פֿון גלות „אָן אַ גואל, אָן אַ פֿרײַנד". אָט שעלט ער די שקלאַפֿערײַ, „כאַפּט עס אַ בראָך!", און אָט איז ער דער חזן פֿון שיבֿת־ציון, „ניט בעטלען אַ היים מיט שאַנד". אָט איז ער אַ פֿאַרליבטער, פֿאַרבענקטער ליריקער, „קיין מאָל אין דער היים און בײַ זיך ניט", און אָט רײַסט ער ווי אַ שאַרפֿער סאַטיריקער פּאַסן פֿון אָלרײַטניק דעם בחור, וועלכער שטייט אין שול „צום אָרון מיטן אָחור", ווי פֿון „דאַטש", ווי פֿון „שרײַבאַרעס" און גראָביונגישע רעדאַקטאָרן. ער, באַליבט בײַ די, וועלכע האָבן געפּראַוועט יום־כּיפּור־בעלער, ווו מ'האָט די גאַנצע נאַכט פֿון כּל נדרי „געטאַנצט, געגעסן און געזונגען אַנשטאָט צו טויטן דעם גײַסט און קערפּער אין אַ שול מיט שלעכטע לופֿט" [19], האָט מוט געהאַט דווקא צו באַזינגען די „הייליקע ליכט". ער שטאָלצירט מיטן תּנ״ך און האָט נישט קיין מורא אָפֿן באַווירקט צו ווערן פֿון הײַנען, ווי פֿון י. ל. גאָרדאָנען.

מאָריס ראָזענפֿעלד, קאַפּריזנע אין פֿערזענלעכן לעבן, מיט שוואַכקייטן וואָס פּאַסן נישט פֿאַר פּירערס, איז אָבער אומעטום — דער פֿרײַער מענטש, מיט אַ טיפֿן געפֿיל פֿאַר יושר — איבער אַלע קלאַסן, אָפֿט מיט ווונדערמוט צו גיין איינער קעגן אַלעמען. ער לעבט מיט אַלעמענס עוולות, לײַדט מיט אַלעמענס לײַדן. עס באַגײַסטערן אים ריזן: משה, הערצל, וויטמאַן. עס רירן אים אַנאָנימע העלדן: אומגעקומענע קוילנגרעבערס, שקלאַפֿישע אַרבעטערס. ער צאָרנט, שטורעמט, גוואַלדעוועט, אַזוי עכט, אַז מיר ווערן פֿאַרציטערט פֿון די ריטמישע שורות. יאָ, „דער ייִדיש־אַמעריקאַנער תּוהו ובֿוהו האָט אַרויסגעבראַכט זײַן דיכטער — מאָריס ראָזענפֿעלדן", און „ראָזענ־

[18] לעאָן קאָברין — מײַנע פופציק יאָר אין אַמעריקע, ב״א 1955, ז' 243.

[19] נ. גאָלדבערג — „די אַנטירעליגיעזע באַוועגונג", געשיכטע פון דער יוד' אַרב' באַוו' אין די פ״ש, ב' 2, ייִוואָ 1945, ז' 448.

פֿעלדס פּראָזע פֿון יענער צײַט איז פּונקט אַזוי וויכטיק ווי זײַנע לידער״ [20]. ווי עס איז וויכטיק צו פֿאַרשטיין, אַז די דײַטשמעריזמען בײַ דעמאָלטיקע דיכטערס האָבן געשפּילט אַ ספּעציפֿישע ראָלע, וואָס „די דאָזיקע פֿונקציע האָבן די מאָדערניסטן ניט פֿאַרשטאַנען״ [21] און דערפֿאַר האָבן זיי אַזוי געחוזקט. פּונקט ווי ס׳איז שווער הײַנט צו פֿאַרשטיין, וואָס „אין יענע יאָרן און אויך שפּעטער איז כּמעט ניט געווען קיין יידישע צײַטונג אויף דער גאָרער וועלט, וווּ עס זאָלן זיך ניט האָבן געדרוקט זײַנע לידער, אָבער אַלע זײַנע באַמיִונגען אין די 80־90ער צו לעבן פֿון שרײַבן האָבן זיך ניט אײַנגעגעבן און ער האָט געמוזט, אַ קראַנקער, צוריקגיין אין שאַפּ״ [22].

מאָריס ראָזענפֿעלד, וועלכער האָט זיך אַ נדר געטאָן, „די פּען זאָל אַ פֿידל צו גלײַך אַ שווערד זײַן״, און גערופֿן אין קאָסמאָפּאָליטישן ניו־יאָרק, „נעמט מיר צו מרדכיס זאַק מיט אַש פֿון קאָפּ, דאָס פֿאַסטעניש און די טויטשרעק פֿון אַחשוורושעס יידן, און גיט מיר דעם מאַקאַבייערס לאָרבערקראַנץ״, האָט פּונקט ווי דאָרנפֿעלד געמעגט אויסשרײַען מיט צאָרן און מיט יאָמער: „איך בין נישט בלינד! איך בין נישט בלינד!״ [23].

שמואל ראָזשאַנסקי

---

[20] י. אָפּאַטאָשו — „50 יאָר יידן ליט׳ אין די פ״ש״, ייוואָ־בלעטער, ב׳ XXXVIII, נ״י 1954, ז׳ 43.

[21] נ. ב. מינקאָוו — פּיאָנערן פון דער יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע, נ״י 1956, ב׳ 1, ז׳ 15.

[22] ז. שײַקאָווסקי — קאַטאַלאָג פון דער ייוואָ־אויסשטעלונג: מאָריס ראָזענפעלד און זיין צייט, נ״י 1962, ז׳ 16.

[23] ה. לייוויק — „דער פּאָעט איז געוואָרן בלינד״, דראַמע אין 3 אַקטן, זאַמלביכער, ב׳ 3, נ״י 1938, ז׳ 371. — דאָרנפעלד איז ביי ה. לייוויקן מאָריס ראָזנפעלד.

# איך בין א טרערן-מיליאנער !


מאריס ראזענפעלד

## דער טרערן־מיליאָנער

אָ, ניט קיין גאָלד'נער קאַמערטאָן
שטימט־אָן מײַן קעל צום זינגען,
עס קען דער ווונק פֿון אויבן אָן
מײַן שטים ניט מאַכן קלינגען;
דעם שקלאַפֿס אַ קרעכץ, ווען ער איז מיד,
נאָר וועקט אין מיר די לידער —
און מיט אַ פֿלאַם לעבט־אויף מײַן ליד,
פֿאַר מײַנע אָר'מע ברידער.

*

דערפֿאַר פֿאַרגיי איך אָן אַ צײַט.
דערפֿאַר וועפּט־אויס מײַן לעבן;
וואָס קענען מיר די אָר'מע לײַט
פֿאַר אַ באַלוינונג געבן?
זיי צאָלן טרערן פֿאַר אַ טרער —
דאָס אַלעס, וואָס זיי קאָנען; —
איך בין אַ טרערן־מיליאָנער
און וויין אויף די מיליאָנען...

## צום וואַנדערשטאָק

שטעקן, דו, מײַן אַלטער שטעקן,
וועלכער קען מײַן יעדן גאַנג,
וועלכער קען אין צײַט פֿון שרעקן
זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ שלאַנג...

זאָג מיר, אַלטער פֿרײַנד, ביז וואַנען,
יאָ, ביז וואַנען איז דער שיער?
זאָג, ווי לאַנג איך וועל נאָך שפּאַנען
און זיך חבֿרן מיט דיר?

# אויפן בוזעם פון ים

דער שרעקלעכער ווינט, דער געפערלעכער שטורעם,
ער ראנגלט זיך דארט מיט א שיף אויפן מעער [1],
ער וויל זי צעברעכן, און זי מיט יסורים
שניידט־דורך אלע טיפעניש' קרעכצנדיק שווער.

עס טרעשטשעט דער מאסטבוים, דער זעגל — ער ציטערט,
דאס רוישנדע וואסער איז מוראדיק טיף;
עס קעמפן מיט צארן, עס שטרייטן פארביטערט
אויף טויט און אויף לעבן דער ווינט מיט דער שיף.

אט מוז זי זיך לייגן, אט מוז זי זיך שטעלן,
אט טרייבט עס צוריק זי, אט טרייבט עס פארויס —
א שפילכל איז איצטער די שיף ביי די וועלן,
זיי שלינגען זי איין און זיי שפייען זי אויס.

עס ליארעמט דער ים און עס הייבן זיך כוואליעס,
עס הודזשעט, עס פילדערט מיט שרעק און מיט גרויל;
דער שטורעם, דער גזלן, וויל אומברענגען אלעס,
דער תהום עפנט־אויף זיין פארשלאסענעם מויל.

עס הערן זיך זיפצן, עס הערט זיך איין בעטן,
ס'איז גרויס די סכנה, ס'איז שרעקלעך די נויט,
און יעדער בעט ביי זיין גאט, ער זאל רעטן,
באפרייען די מענטשן פון זיכערן טויט.

דאס וויינען די קינדער, עס קלאגן די ווייבער,
מען שרייט און מען איז זיך מתוודה אצינד.
עס פלאטערן זעגלען, עס ציטערן לייבער
פאר שרעק, פאר דעם בייזן, פארניכטנדן ווינט.

---

[1] ים.

דאָך אונטן, אין צווישנדעק, זיצן צוויי מענער
גאַנץ רויק, זיי רירט ניט דער מינדעסטער ווײ;
זיי זוכן קיין רעטונג, זיי קלערן קיין פּלענער,
ווי אַלץ וואָלט זײַן זיכער און שטיל אַרום זיי.

עס ליאַרעמט דאָס וואַסער, די וועלן — זיי שוימען,
עס וואָיעט, עס מיאָעט [2] משונה דער ווינט,
עס סאַפּעט דער קעסל, עס הודזשעט דער קוימען —
דאָך אונטן די צוויי זעט זיי שווײַגן אַצינד.

זיי קוקן מיט קאַלטקייט דעם טויט אין די אויגן,
זיי רירט ניט דעם שטורעמס געפּערלעכע מאַכט,
עס שײַנט אַז דער טויט האָט אַליין נאָר דערצויגן
זיי בײדן אין שרעק און אין פֿינצטערער נאַכט.

— ווער זײַט איר, אומגליקלעכע, לאָזט עס דאָך הערן,
וואָס קענען פֿאַרשווײַגן די גוואַלדיקסטע נויט,
וואָס האָבן קיין זיפֿצן און האָבן קיין טרערן
אַפֿילו בײַם שרעקלעכן טויער פֿון טויט?

— זאָגט, האָבן אײַך טאַקע נאָר קבֿרים געבוירן?
איר לאָזט גאָר קיין עלטערן, ווײַב אָדער קינד,
צו וויינען אויף אײַך ווען איר ווערט דאָ פֿאַרלוירן
אין טיפֿן, אין שרעקלעכן אָפּגרונט אַצינד?

— ווי? לאָזט איר ניט קיינעם, וואָס אים זאָל פֿאַרדריסן,
וואָס ער זאָל ווען בענקען, צו לאָזן אַ טרער,
ווען אײַך וועט דער נאַסער בית־עולם פֿאַרגיסן,
ווען איר וועט דאָ קיין מאָל צוריקקערן מער?

[2] אַ שפּילוואָרט צום גראַם (וואָיעט־מאָיעט), ענלעך צו מיאַוקען.



עמיגראַנטן פון אפרים־משה ליליען, פון LIEDER DES GHETTO

— ווי? האָט איר קיין פֿאָטערלאַנד גאָר, קיין מדינה,
קיין היים ווו צו קומען, קיין פֿרײַנדלעכע שטוב,
וואָס איר האָט באַהאַלטן אין זיך אַזאַ שׂנאה
צום לעבן און וואַרט אויף דער פֿינצטערער גרוב?

— איר האָט גאָר ניט קיינעם אין הימל, דאָרט אויבן,
צו ווענדן צו שרײַען ווען איר זײַט אין צער?
איר האָט גאָר קיין פֿאָלק ניט, איר האָט גאָר קיין גלויבן?
פֿאַרלוירענע, וואָס איז מיט אײַך פֿאַר אַ גזר?

עס גענעצט דער אָפּגרונט, עס ברויזן די אינדן,
עס קראַכן די לייטערס פֿון שיף און עס טראָגט,
עס הוליעט דער שטורעם, עס פֿײַפֿן די ווינטן,
און איינער האָט ענדלעך מיט טרערן געזאָגט:

— דער שוואַרצער בית־עולם איז ניט אונדזער מוטער,
עס איז אונדזער וויג ניט דער קבֿר געווען;
עס האָט אונדז געבוירן אַ מלאך אַ גוטער,
אַ טײַערע מוטער מיט ליבע פֿאַרזען.

— עס האָט אונדז געפּיעשטשעט אַ מאַמע, דערצויגן
אַ צערטלעכע, וואַרעמע, פֿרײַנדלעכע ברוסט;
געקעכלט און שטענדיק געקוקט אין די אויגן
האָט אונדז אויך אַ פֿאָטער און ליבלעך געקושט.

— מיר האָבן אַ הויז, נאָר מען האָט עס צעבראָכן
און, אונדזערע הייליקסטע זאַכן פֿאַרברענט,
די ליבסטע און בעסטע פֿאַרוואַנדלט אין קנאָכן,
די לעצטע פֿאַריאָגט מיט געבונדענע הענט.

— מען קען אונדזער לאַנד, אָ עס לאָזט זיך דערקענען:
דורך יאָגן, דורך שלאָגן, ניט ווערנדיק מיד,

דורך ווילדע פּאָגראָמען, דורך ברעכן, דורך ברענען,
דורך זוכן דעם טויט פאַר דעם עלנטן ייִד.

— און מיר זײַנען ייִדן, פאַרוואָגלטע ייִדן,
אָן פרײַנד און אָן פריידן, אָן האָפענונג אויף גליק —
ניט פרעגט מער, אָ, פרעגט ניט, אָ, זעט, לאָזט צופרידן!
אַמעריקע טרײַבט אונדז קיין רוסלאַנד צוריק.

— קיין רוסלאַנד, פון וואַנען מיר זײַנען אַנטלאָפן;
קיין רוסלאַנד, דערפאַר וואָס מיר האָבן קיין געלט;
אויף וואָס בלײַבט אונדז איצטער צו וואַרטן, צו האָפן?
וואָס טויג אונדז דאָס לעבן, די פינצטערע וועלט?

— איר האָט וואָס צו וויינען, איר האָט וואָס צו ברומען,
איר האָט וואָס צו שרעקן זיך איצט פאַר דעם טויט,
איר האָט געוויס אַלע אַ היים, ווו צו קומען,
און פאָרט פון אַמעריקע אויך ניט אויס נויט.

— דאָך מיר זײַנען עלנטע, גלײַך צו די שטיינער;
די ערד איז צו שלעכט אונדז צו שענקען אַן אָרט —
מיר פאָרן, דאָך ליידער עס וואַרט אויף אונדז קיינער,
דערקלערט מיר, איך בעט אײַך, ווו רײַזן מיר פאָרט!

— זאָל שטורעמען דער ווינט, זאָל ער ברומען מיט צאָרן,
זאָל זידן, זאָל קאָכן, זאָל רוישן דער גרונט!
דען סײַ ווי סײַ זײַנען מיר ייִדן פאַרלאָרן,
דער ים נאָר פאַרלעשט אונדזער ברענענדע וווּנד...

# די היסטאָרישע פעקלעך

אַ רעש, אַ געפּילדער, עס קאָכט אין די גאַסן,
עס אײַלן די מענטשן, עס לויפֿן די מאַסן,
עס הערן זיך זיפֿצן, עס הערט זיך אַ לאַכן,
מען רעדט און מען פּלוידערט אויף אַלערליי שפּראַכן.
אָט נעמען זיך רוקן שוין אָרדענונג־חיות,
איך פֿרעג ווי צעטומלט: „וואָס איז דאָ פֿאַר אַ נײַעס?״

און פֿרעגנדיק האָב איך דערזען, נעבעך, גרינע,
געקומען פֿון עפּעס אַ ווײַטער מדינה...
מען האָט אויף די עלנטע לײַכט געקענט לעזן,
אין וואָס פֿאַר אַ קנעכטשאַפֿט זיי זײַנען געוועזן,
אין וואָס פֿאַר אַ ווינקל זיי זײַנען געבאָרן
אויף שפּאָט און פֿאַראַכטונג, און בלוטיקן צאָרן.

באַטראַכטנדיק איינעם פֿון זיי און דעם צווייטן,
אַנטלאָפֿענעם, טויטן פֿון נאַכט און פֿון קייטן,
באַטראַכטנדיק זייערע טאָרבעס און פּעקלעך,
די אָרעמע, שוואַרצע פֿאַרלאַטעטע זעקלעך,
האָט פּלוצלינג אַ פֿראַגע באַשעפֿטיקט מײַן זינען:
— די פּעקלעך, אָ, וואָס קען דאָרט ליגן דערינען?

אָ, זאָגט מיר, איר אַלטע, היסטאָרישע פּעקלעך,
איר, ייִדישע טאָרבעס, איר, ייִדישע זעקלעך,
וואָס ליגט דאָס פֿאַרוויקלט אין אײַערע טיכער?
געוויס ניט קיין רעכטן, אין דעם בין איך זיכער!
געוויס קיין פּאַפּירן, אַז ווו איר וועט קומען
זאָל ווערן דער וועג אײַך באַשאָטן מיט בלומען.

אָ, זאָגט מיר, איר, קלומקעס, מײַן האַרץ ווערט צעריסן,
וואָס ליגט דאָס אין אײַך בין איך גערן צו וויסן?

און פֿרעגנדיק — ווונדער! — האָט ריכטיק, ווי טרעפֿנד,
אַ פּעקעלע, נעבעך, זײַן בוזעם געעפֿנט,
אָט פּונקט ווי ער וואָלט צו מיר זאָגן מיט שמאַרצן:
— נאַ, זע, וואָס איך טראָג אין מײַן ווונדיקן האַרצן!
און, קוקנדיק טרויעריק אין שטויב און אין שימל,
וואָס האָב איך דערזען, אָ, אַלמעכטיקער הימל!

איך האָב אין אַן אַלטן, צעריסענעם טיכל
דערקענט אַ צעריסענע, אַלטינקע ביכל,
די טאָוולען פֿאַרגאָסן מיט בלוט און מיט טרערן.
איר קענט אָט דאָס ביכל, ניטאָ וואָס צו קלערן,
דאָס ביכל, איר קענט עס, אין דעם בין איך זיכער:
דאָס הייליקסטע בוך פֿון די הייליקסטע ביכער!

מיר האָבן שוין פֿיל פֿאַר דאָס ביכל געגעבן,
אי פֿריידן, אי לײַדן, אי אוצרות, אי לעבן.
פֿון וואַנען האָט אונדז שוין דער פֿײַנד נישט געטריבן
צוליב די בריליאַנטן אויף פּאַרמעט געשריבן?
מיר האָבן די שמות צוזאַמענגעקליבן.
פֿאַרשטויבט און צעטראָטן... זיי זײַנען געבליבן!

*

ניט לויפֿט נאָך די גרינגע, איר, ווילדע נאַראָנים,
ניט מיינט, אַז דאָ פֿאָרן אַ באַנדע קבצנים!
דאָס זײַנען קיין ווילדע, קיין בעטלערס, קיין שנאָרערס —
רעספּעקט פֿאַר די אַלטע, די אייביקע פֿאָרערס!
באַגריסט זיי, די זין פֿון דעם איינציקן בורא:
זיי פֿירן דאָס ליכט פֿון דער וועלט — זייער תּורה!

נו, זאָגט, קען מען רופן אַזאַ אומה אָרעם,
אַן אומה וואָס וואַנדערט דורך נאַכט און דורך קבֿרים,
דורך שרעק און דורך טויט, און דורך העלישן פֿײַער,
צו ריטן וואָס איר איז פֿאַרהייליקט און טײַער;
וואָס טראַמפּלט אויף מתים און ווייס נישט פֿון אימות,
און שטעלט־אײַן דאָס לעבן פֿאַר עטלעכע שמות?

אַ פֿאָלק וואָס עס באָדט זיך נאָר שטענדיק אין טרערן,
וואָס יעדערער שלאָגט דאָס און מאַטערט דאָס גערן,
וואָס וואַנדערט דורך וויסטעניש טויזנטער יאָרן
און האָט נאָך ביז איצט זײַן באַרוף נית פֿאַרלאָרן,
אַ פֿאָלק מיט אַזוי פֿיל נשמה — דערמאָנען,
אָ, וואַשט אײַך די ליפּן, רעספּעקט, איר, נאַציאָנען!

איך ליב זיי, די גרינע, די ביינער־געשטאַלטן,
בײַ זיי איז דער אוצר פֿון לעבן באַהאַלטן.
אין זייערע אָרעמע טאָרבעס, די שטומע,
געפֿינט זיך דער סוד פֿון דער אייביקער אומה —
אין זייערע קלומקעס די וואָגלענדע ליגן
די כּוחות פֿון אמת, וואָס וועלן נאָך זיגן.

אָ, הייליקע פּעקלעך, ליבלעכע, שיינע,
אין אײַך ליגט מײַן פֿאָן, די שטאָלצע די ריינע,
אין אײַך ליגט דער גײַסט פֿון מײַן פֿאָלק, מײַנע ברידער,
דורך אײַך וועט מײַן אומה נאָך אויפֿלעבן ווידער.

# יידישער פנקס

לייענענדיק יודישע געשיכטע

אָ, יידישער פנקס, אָ, יידיש האַרץ!
אָ, אייביק וועלטבוך פון שווערע געמיטער!
איך בלעטער דיך אויף מיט אַן איניקסטן ציטער,
איך לייען און לייען דעם ברענענדן שמאַרץ
אין דיינע פאַרבלוטיקסטע, שרעקלעכע שורות.
רבונו של עולם, פיל מוט און פיל גבורות,
פיל בלוט און פיל טרערן,
אָט ווו איך זאָל קערן
און ווו איך זאָל מישן די הייליקע בלעטער!
דאָס זיינען קיין מענטשן ניט — דאָס זיינען געטער,
וואָס האָבן געקענט אַזוי ליידן און שטרייטן,
און בלייבן אויף אייביק און אייביקע צייטן.

אָ, יידישער פנקס, אָ, יידישער רייך[1]!
אָ, גרויסער בית־עולם פון יידישע צרות!
אָ, ווו האָט די וועלט נאָך אַזאַ בית־הקברות
פון לויטער מאַרטירערס? אָ, ווו איז דיר גלייך
אַ בוך אין דער וועלט גאָר? איך לייען און לייען
די שטילע מצבות פון טויזנטער ווייען
און פרעג זיך פאַרוווּנדערט:
אָ, וועלכער יאָרהונדערט
וועט ענדלעך שוין ברענגען אַ שטיקעלע תקומה
מיין עלנטער, שוואַכער און ליידנדער אומה?
אָ, ווער וועט אין יידישן פנקס פאַרשרייבן:
— געענדיקט דער גלות, אַ סוף צו דעם טרייבן?

---

[1] (ד׳) מלוכה.

אָ, יידישער פּנקס, איך עפֿן דיך אויף
מיט ציטערנדע הענט און שרייב־צו נאָך אַ צייל [2].
איך בין ווי אַ שאָטן פֿאַרגעננלעך, אַ ווייל
נאָר וועט דאָ פֿאַרזוימען מיין עלנטער גוף...
דאָך כּל־זמן עס ברענט נאָך דאָס הייליקע פֿייער,
גיב איך פֿון מיין פֿלאַמנדער זעל דאָ צו שטייער
דיר עטלעכע פֿונקען,
אין יאוש באַטרונקען,
ווי אַ ייד און ווי אַ יידישער דיכטער אין גלות,
געזויגן מיט בלוט און פֿאַרוויגט מיט יללות,
באַהאַלט איך אין דיר פֿאַר דער נאָכוועלט, אויף שפּעטער,
מיין שמאַרץ און מיין ליבע אין יידישע בלעטער.

## אין דער אָרעמער גאַס

ניגונים פֿון דער אָר׳מער גאַס,
ווי פֿול מיט וויי איר קלינגט מיר!
איך הער אייך און מיין אויג ווערט נאַס,
מיין קאָפּ צעמישט, מיין פּנים בלאַס,
מיין האַרץ און לייב צעשפּרינגט מיר.
דען ניט פֿון פֿרייד און ניט פֿון גליק
דערציילט מיר אייערע מוזיק.

אַ מוטער זינגט איר קינד אַ ליד
פֿון ראָזשינקעס מיט מאַנדלען,
אַליין איז זי פֿאַרשוואַכט און מיד
פֿון לעבנס פּינצטערן יאַריד
און קען קיין גליקן האַנדלען.
איר קינד איז קראַנק, איר מאַן אַוועק,
איך הער איר ליד און פֿיל אַ שרעק.

[2] שורה (אין אַ טעקסט).

דאָרט לויפֿן קינדער מיט געזאַנג,
זיי ליגט קיין זאָרג אין זינען.
און דאָך איך ווייס, עס נעמט ניט לאַנג,
פֿאַרלירן וועט זיך זייער קלאַנג
אין רויש פֿון די מאַשינען.
צעקלינגען וועט זיי אין פֿאַבריק
אַ כאָר פֿון אַנדערער מוזיק.

דאָרט זאָגט אַ בדחן פֿײַנע שטיק,
איך קוק אויף די פֿאַרליבטע:
— אָ, בלייכע קינדער פֿון פֿאַבריק!
זיי גייען מאָרגן דאָרט צוריק
צעשיידטע און באַטריבטע.
דער בדחן שפּאַסט, דער עולם קוועלט,
נאָר איך באַטראַכט אַ שלעכטע וועלט.

דאָרט שטייט און זינגט זיך בײַ זײַן פּרעס
אַ שוואַך, פֿאַרהונגערט יידל,
איך קוק אים אָן און איך פֿאַרגעס,
מיר דאַכט, איך זע פֿאַר מיר אַ מת,
וואָס קרעכצט פֿון גרוב אַ לידל.
דען נאָך אַ טאָג, צי נאָך אַ וואָך,
און ער וועט פֿאַלן דאָ אין יאָך.

*

ניגונים פֿון דער אָר'מער גאַס,
געזאַנגען פֿול מיט קלאָגן.
איך הער אײַך און ווער פֿול מיט האַס,
מײַן פֿויסט דערהייבט זיך מיט אַ כעס,
איך וואָלט די וועלט דערשלאָגן.
דען צו פֿיל שמאַרץ און צו פֿיל פּײַן
איז אין דער גאַס, ווו איך מוז זײַן.

# ערד

פֿאַרדאַרטע פּרעסערקע, אָ, בייזע ערד,
וואָס דײַן צערייצטער האַלדז שלינגט אַלץ אַרײַן
און לאָזט נאָר איבער לעבעדיק דעם פּײַן;
וואָס אין דײַן גרויסן בויך ווערט אַלץ צעשטערט
און נאָר מצבֿות זאָגן, וואָס דו האָסט פֿאַרצערט!
פֿאַרשאָלטן וואָלט איך דיך, אָ, דו, מרשעת,
פֿאַרפֿלוכט דײַן שטויב מיט וויטיק און מיט כּעס.
דאָך ווי זאָל איך פֿאַרשילטן דיך אַצינד,
אַז אין דײַן שוואַרצן בוזעם רוט מײַן קינד?
פֿאַרשלונגען האָסטו, ווי, דעם זיסן בליק,
אין וועמעס ליכט עס האָט געטראָגט מײַן גליק,
וואָס איז איצט אויך ניט מער ווי ערד אַ שטיק.

# נאַכט

גרויע וואָלקן־טראַנטעס, שטיקער שימל,
הענגען אין דער מוטנער לופֿט אַראָפּ.
ווי אַן אַלטער בעטלער שלאָפֿט דער הימל,
צוגעדעקט מיט שמאַטעס איבערן קאָפּ.

וואַגאַבונדן־שאָטנס, וואַקלענד, שיכּור,
בלאָנדזשען אין דער טונקל׳ער ווײַטקייט שטיל.
אַלע ווײַלע ווערט דער חושך דיקער
און אַ טויטשרעק טראָגט זיך אָן אַ ציל.

נאָר דורך גרויל און אימה קלאַפּט דער שומר,
פֿרעגנדיק די נאַכט: „היי, ווער איז דאָרט?“
מעלאַנכאָליע אָטעמט אויף דיביימער
און די וועלט איז שאַ, מען הערט קיין וואָרט...

# איך בין א מאשין...



צייכענונג פון אפרים־משה ליליען

## דער סוועטשאָפּ[1]

עס רוישן אין שאָפּ אַזוי ווילד די מאַשינען,
אַז אָפּט מאָל פאַרגעס איך אין רויש, אַז איך בין;
איך ווער אין דעם שרעקלעכן טומל פאַרלוירן,
מײַן איך ווערט דאָרט בטל, איך ווער אַ מאַשין;
איך אַרבעט און אַרבעט, און אַרבעט אָן חשבון,
עס שאַפט זיך, און שאַפט זיך, און שאַפט זיך אָן צאָל.
פאַר וואָס? און פאַר וועמען? איך ווייס ניט, איך פרעג ניט —
ווי קומט אַ מאַשינע צו דענקען אַ מאָל?

נישטאָ קיין געפיל, קיין געדאַנק, קיין פאַרשטאַנד גאָר;
די ביטערע, בלוטיקע אַרבעט דערשלאָגט
דאָס איידלסטע, שענסטע און בעסטע, דאָס רײַכסטע,
דאָס טיפסטע, דאָס העכסטע, וואָס לעבן פאַרמאָגט.
עס שווינדן סעקונדן, מינוטן און שטונדן,
גאָר זעגל־שנעל פליִען די נעכט מיט די טעג;
איך טרײַב די מאַשין גלײַך איך וויל זיי דעריאָגן —
איך יאָג אָן אַ שכל, איך יאָג אָן אַ ברעג.

דער זייגער אין וואָרקשאָפּ[2], ער רוט ניט אַפילו,
ער ווײַזט אַלץ און קלאַפּט אַלץ און וועקט נאָך אַנאַנד.
געזאָגט האָט אַ מענטש מיט אַ מאָל די באַדײַטונג:
זײַן ווײַזן און וועקן — דאָרט ליגט אַ פאַרשטאַנד.
נאָר עטוואָס געדענקט זיך מיר, פונקט ווי פון חלום:
דער זייגער, ער וועקט אין מיר לעבן און זין,
און נאָך עפּעס — איך האָב פאַרגעסן — ניט פרעגט עס!
איך ווייס ניט, איך ווייס ניט, איך בין אַ מאַשין!...

---

[1] שוויצפאַבריק. — [2] אַרבעטפּלאַץ.

און צײַטנווײַז, ווען איך דערהער שוין דעם זייגער,
פֿאַרשטיי איך גאַנץ אַנדערש זײַן ווײַז, זײַן שפּראַך;
מיר דאַכט, אַז עס נוקעט מיך דאָרטן דער אומרו [3],
כ׳זאָל אַרבעטן, אַרבעטן, מערער, אַ סך!
איך הער אין זײַן טאָן נאָר דעם באָס׳ [4] ווילדן בייזער,
זײַן פֿינצטערן קוק אין די ווײַזערס די צוויי;
דער זייגער, מיר סקרוכעט [5], מיר דאַכט, אַז ער טרײַבט מיך
און רופֿט מיך „מאַשינע!”, און שרײַט צו מיר: „ניי!”

נאָר דאַן, ווען ס׳איז שטילער דער ווילדער געטומל,
אַוועק איז דער מײַסטער, אין מיטאָגצײַט־שטונד,
דאַן פֿאַנגט אָן אין קאָפּ בײַ מיר לאַנגזאַם צו טאָגן,
אין האַרצן צו ציִען, — איך פֿיל דאַן מײַן וווּנד;
און ביטערע טרערן, און זודיקע טרערן
צעווייקן מײַן מאָגערן מיטאָג, מײַן ברויט —
עס וואַרגט מיך, איך קען ניט מער עסן, איך קען ניט!
אָ, שרעקלעכע פּראַצע! אָ, ביטערע נויט!

ס׳דערשײַנט מיר דער שאָפּ אין דער מיטאָגצײַט־שטונדע
אַ בלוטיקע שלאַכטפֿעלד, ווען דאָרט ווערט גערוט:
אַרום און אַרום זע איך ליגן הרוגים,
עס ליאַרעמט פֿון דר׳ערד דאָס פֿאַרגאָסענע בלוט...
איין ווײַלע, און באַלד ווערט געפּויקט אַ טרעוואָגע [6],
די טויטע דערוואַכן, עס לעבט־אויף די שלאַכט,
עס קעמפֿן די מחנות פֿאַר פֿרעמדע, פֿאַר פֿרעמדע,
און שטרײַטן און פֿאַלן, און זינקען אין נאַכט.

---

[3] דער פּערפּענדיקל (מאַרקירט אין גרויסע זייגערס די סעקונדעס מיט יעדן וויג הין און צוריק, מאַכט „נו־נו”, נוקעט, נוקעט...). — [4] באַלעבאָס (פֿאַבריק־פּירער).— [5] ס׳גייט־דורך אַ קעלט איבערן לײַב, שווידערט.— [6] (רוס׳) אַליאַרעם.

איך קוק אויף דעם קאַמפּפּלאַץ מיט ביטערן צאָרן,
מיט שרעק, מיט נקמה, מיט העלישן פּײַן.
דער זייגער — איצט הער איך אים ריכטיק, ער וועקט עס:
„אַ סוף צו דער קנעכטשאַפֿט, אַ סוף זאָל דאָס זײַן!"
ער מינטערט אין מיר מײַן פֿאַרשטאַנד, די געפֿילן,
און ווײַזט ווי עס לויפֿן די שטונדן אַהין:
אַן עלנטער בלײַב איך, ווי לאַנג איך וועל שווײַגן,
פֿאַרלוירן, ווי לאַנג איך פֿאַרבלײַב וואָס איך בין...

דער מענטש, וועלכער שלאָפֿט אין מיר, הייבט־אָן דערוואַכן,
דער קנעכט, וועלכער וואַכט אין מיר, שלאָפֿט דאַכט זיך אײַן.
אַצינד איז די ריכטיקע שטונדע געקומען:
אַ סוף צו דעם עלנט, אַ סוף זאָל עס זײַן!
נאָר פּלוצלינג — דער ווּיסטל [7], דער באָס — אַ טרעוואָגע...
איך ווער־אָן דעם שׂכל, פֿאַרגעס ווו איך בין...
עס טומלט, מען קעמפֿט, אָ, מײַן איך איז פֿאַרלוירן —
איך ווייס ניט, מיך אַרט ניט, איך בין אַ מאַשין...

## דאָס ליד פֿון מאַשינען

מיר זינגען און טרײַבן
די „זינגער"־מאַשינען,
דעם מײַסטער דאָס לידל געפֿעלט.
מיר זינגען כּסדר
פֿון טרערן, וואָס רינען,
פֿון בלוטיקע קליידער
מיט קללות דערינען,
אַ ליד פֿון דער פֿינצטערער וועלט.

מיר טרײַבן די „זינגער",
סײַ עלטער, סײַ יינגער,
צו שאַפֿן די דינגער
אַ לעבן פֿון פּראַכט.
מיר זינגען און זינגען,
אָ, ביז אונדז פֿאַרשלינגען
די שאָטנס פֿון נאַכט.

[7] (ענגליש) אָנזאָג מיט אַ פֿײַף.

## דער בלייכער אָפּרייטער[1]

איך זע דאָרט אַ בלייכן אָפּרייטער
פֿאַרקאָכט אין דער אַרבעט, אַ שרעק!
און זינט איך געדענק אים, אַלץ נייט ער
און לייגט זײַנע קרעפּטן אַוועק.

עס ווערן חדשים פֿאַרפֿלויגן,
עס לויפֿן די יאָרן אַהין,
און נאָך זיצט דער בלייכער געבויגן,
און קעמפּט מיט דער רויער מאַשין.

איך שטיי און באַטראַכט דאָרט זײַן צורה,
זײַן צורה, פֿאַרשמירט און פֿאַרשוויצט,
און פֿיל, אַז דאָ אַרבעט קיין גבֿורה,
דער אימפּעט נאָר פּראַצעוועט איצט.

דאָך פֿאַלן די טראָפּנס כּסדר,
פֿון אויפֿגאַנג ביז אונטערגאַנג שפּעט,
און זאַפּן זיך אײַן אין די קליידער,
און טרינקען זיך אײַן אין די נעט.

איך בעט אײַך: ווי לאַנג וועט נאָך יאָגן
דער בלייכער דאָס בלוטיקע ראָד?
אָ, ווער קען זײַן ענדע מיר זאָגן?
ווער ווייס יענעם שרעקלעכן סוד?

אָ, שווער, זייער שווער דאָס צו זאָגן,
דאָך איינס איז באַוווּסט און באַשיידט:
ווען אים וועט די אַרבעט דערשלאָגן,
זיצט תּיכף אַ צווייטער און נייט.

---

[1] (ענגליש) שנײַדער וואָס נייט אויף דער מאַשין.

# אַ טרער אויפן אייזן

אַ קאַלט און פינצטער איז דער שאַפ!
איך האַלט דאָס אײַזן, שטיי און קלאַפ;
מײַן האַרץ איז שוואַך, איך קרעכץ און הוסט;
עס הייבט זיך קוים מײַן קראַנקע ברוסט.

איך קרעכץ און הוסט, און פרעס, און קלער,
מײַן אויג ווערט פײַכט, עס פאַלט אַ טרער,
דאָס אײַזן גליט: דאָס טרערל מײַן —
דאָס קאָכט און קאָכט, און זידט ניט אײַן.

איך פיל קיין קראַפט, עס איז פאַרוועגדט;
דאָס אײַזן פאַלט מיר פון די הענט,
און דאָך די טרער, די הייסע טרער,
די טרער, די טרער קאָכט מער און מער.

עס רוישט מײַן קאָפ, עס ברעכט מײַן האַרץ;
איך פרעג מיט ווייַ, איך פרעג מיט שמאַרץ:
— אָ, זאָג, מײַן פרײַנד, אין נויט און פײַן,
אָ, טרער, פאַר וואָס זידסטו ניט אײַן?

אָ, שטומע טרער, אָ, שטומע שפראַך!
זאָג, האָב איך דײַנע נאָך אַ סך?
צי דו ביסט שוין דער לעצטער הײַנט
פון אַלע מײַנע הייסע פרײַנד?

ביסט אפשר גאָר אַ קוריער,
זאָגסט־אָן מיר, אַז עס קומען מער?
איך וואָלט עס וועלן וויסן, זאָג:
ווען ענדיקט זיך דער גרויסער קלאָג?

איך וואָלט געפֿרעגט נאָך מער און מער
בײַם אומרו, בײַ דערווילדער טרער...
דאָ האָבן זיך דערלאַנגט אַ גאָס
גאָר טרערן, טרערן אָן אַ מאָס
און איך האָב שוין פֿאַרשטאַנען גלײַך,
אַז טיף איז נאָך דער טרערנטײַך.

## אין טרוים

גאַנץ אָפֿט אויף מײַן געלעגער
אין מיטן פֿון דער נאַכט,
דערשײַנט פֿאַר מיר די וואָרקשאַפּ,
דער אַלטער ווי' דערוואַכט:
אַ צימער שוואַרץ און רויכיק,
די לופֿט פֿאַרשטיקט און הייס,
איך שאַף מיט אַלע כּוחות —
פֿון פּנים רינט דער שווייס.
די רעדער טומלען שרעקלעך!
דער מײַסטער קוקט מיט כּעס —
אין מוח רוישט אַ רעיון
און טרײַבט צו משוגעת.
איך קרעכץ און צייל די שטונדן,
וואָס ציִען זיך ווי טעג,
און קלער: ווען וועט דאָס ענדן?
ווען קומט דאָס צו אַ ברעג?
דאָך פּלוצלינג פֿײַפֿט דער מיטאָג,
איך זיפֿץ אַ שווערן „אַך!",
דאָס שרעקנסבילד פֿאַרשווינדט,
איך וויין — און איך דערוואַך.

# מיין יינגעלע

איך האָב אַ קליינעם ייִנגעלע,
אַ זונעלע גאָר פֿײַן!
ווען איך דערזע אים, דאַכט זיך מיר,
די גאַנצע וועלט איז מײַן.

נאָר זעלטן, זעלטן זע איך אים,
מײַן שיינעם, ווען ער וואַכט,
איך טרעף אים שטענדיק שלאָפֿנדיק,
איך זע אים נאָר בײַ נאַכט.




די אַרבעט טרײַבט מיך פֿרי אַרויס
און לאָזט מיך שפּעט צוריק;
אָ, פֿרעמד איז מיר מײַן אייגן לײַב!
אָ, פֿרעמד מײַן קינדס אַ בליק!

איך קום צעקלעמטערהייט אַהיים,
אין פֿינצטערניש געהילט —
מײַן בלייכע פֿרוי דערציילט מיר באַלד,
ווי פֿײַן דאָס קינד זיך שפּילט.



מײַן ײנגעלע, **צײכענונג פון** אפרים־משה ליליען

ווי זיס עס רעדט, ווי קלוג עס פֿרעגט:
„אָ, מאַמאַ, גוטע מאַ,
ווען קומט און ברענגט אַ פּעני מיר
מײַן גוטער, גוטער פּאַ?“

איך הער עס צו און אײַל — עס מוז —
יאָ, יאָ, עס מוז געשען!
די פֿאָטער־ליבע פֿלאַקערט־אויף:
עס מוז מײַן קינד מיך זען!...

איך שטיי בײַ זײַן געלעגערל
און זע, און הער, און שאַ!
אַ טרוים באַוועגט די ליפּעלעך:
„אָ, וווּ איז, וווּ איז פּאַ?“

איך קוש די בלויע אייגעלעך,
זיי עפֿ׳נען זיך — „אָ, קינד!“
זיי זעען מיך, זיי זעען מיך,
און שליסן זיך געשווינד.

„דאָ שטייט דײַן פּאַפּאַ, טײַערער,
אַ פּעניל דיר, נאַ!“
אַ טרוים באַוועגט די ליפּעלעך:
„אָ, וווּ איז, וווּ איז פּאַ?“

איך בלײַב צעווייטיקט און צעקלעמט,
פֿאַרביטערט, און איך קלער:
„ווען דו דערוואַכסט אַ מאָל, מײַן קינד,
געפֿינסטו מיך ניט מער“...

## מיט מיין קינד

דאָס וועטער איז ליבלעך, איך גיי מיר אין גאַס,
מיט מיר גייט מײַן ייִנגעלע קרענקלעך און בלאַס.
בײַם וועג אויף אַ קאָרנער [1], דערזעט ער אַ סטענד [2]
און פֿאַנגט־אָן צו וויינען, און שטעלט־אויס די הענט.
ער ציט זיך אַהין, וווּ עס ליגן די פֿרוכט —
אַן עפּעלע, נעבעך, ווי וואָלט ער פֿאַרזוכט!
עס חלשט דאָס הערצל, עס ברעכט, נעבעך, שיִער —
ער קוקט אויף די פֿרוכטן מיט ווי און אויף מיר.
— אָ, קינד מײַנס, איך ווייס וואָס דו ווילסט, וואָס דיר פֿעלט,
דאָך ניין, ניט פֿאַר אונדז איז די פֿרוכט פֿון דער וועלט.

מיר גייען זיך ווײַטער, מיין ייִנגעלע שוואַך
זעט ווידער אַ פֿענצטער מיט צאַצקעס אַ סך.
ער קוקט אויף די גליקן מיט קינדערשן חן
און קוקט מיר אין פּנים, צי ווייס איך זײַן מיין.
ער פּלוידערט, ער פּלאַפּלט, ער וויינט און ער לאַכט,
און ציט מיך דערווײַלע צום פֿענצטער באַזאַכט.
יעדע איינציקע שפּילצײַג אַפּאַרט [3] לאָקט אים אָן,
איך קוק מיט יסורים... אָ, וואָס זאָל איך טאָן?
אַ צאַצקעלע, נעבעך, דאָס קינד איז געקוועלט...
— דאָך ניין, ניט פֿאַר אונדז האָט זי צאַצקעס, די וועלט.

נו, האָב איך מיט ערגעריש זיך און מיט כּעס
פֿאַרשווירן מײַן קינד ניט צו נעמען אין גאַס.
ער בעט זיך און שרײַט: „מיט דעם טאַטעניו גייען!“...
עס רירט מיך, דאָך ענטפֿער איך טרויעריק: „ניין!“

---

[1] (ע׳) ראָג, עק גאַס. — [2] געשטעל, טיש אָדער פּאָליצעס (אויסצושטעלן סחורות). — [3] באַזונדער.

איך ענטפער אים: „ניין!"... און איך פיל, איך פאַרגיי,
אַן עופעלע, נעבעך. געערגערט — ווי ווייַ!
ווי ביטער און ווייַ איז עס מיר, און ווי ווינד,
צו זען און צו פילן דעם צער פון מיַין קינד!
און דאָך מיט אַ קול האַלב דערשטיקט פון געוויין
אים ענטפערן: „שאַ!"... און אים ענטפערן: „ניין!"

## דער אַלטער שניידער

ער זיצט און נייט שוין אַ פולע יאָרן
און זיַין בלייך פנים שוויצט —
די באָרד איז אים שוין וויַיס געוואָרן,
ווי דער פאָדעם, וואָס ער ניצט.
נישטאָ כּמעט אין שטאָט אַ מיַיסטער,
וועלכן ער האָט ניט געדינט
און דאָך האָט ער קיין סענט אין טיַיסטער
און קיין ברויט פאַר וויַיב און קינד.

ער קומט־אַריַין אין שאַפּ באַגינען
און פאַרדינגט שוין זיַינע הענט,
ער האַלט פאַר איינס אין איין פאַרדינען
און פאַרהולטעוועט קיין סענט.
ער שאַפט שוין ווען עס גרויט דער מאָרגן
און ער שאַפט נאָך שפעט ביַי נאַכט,
און שטענדיק, שטענדיק, ווי צו באָרגן
זיצט ער טרויעריק און טראַכט.

דער מיַיסטער איז ניט מיט אים צופרידן,
וויַיל ער טענהט ניט קיין סך,
ער מאַכט אין שאַפּ ניט קיין יאַרידן

און באַליידיקט ניט זײַן פּאַך.
ער קומט און גייט־אַוועק אין שטילן —
ריידן, רעדט פאַר אים דער הוסט!
די טרער פאַרדעקן אים די ברילן
און דעם שמאַרץ פאַרדעקט די ברוסט.

די אַרבעטלײַט, אַלע קוקן
אויף דעם קראַנקן מיט אַ ווײ,
זיי קוקן אויף זײַן מידן רוקן,
וועלכער קרימט זיך בײַם געניי.
זיי זעען שוין דעם שוואַרצן זיגל,
פאַר זײַן ערלעכקייט די שטראָף...
זיי זעען, פונקט ווי אין אַ שפּיגל,
אין דעם אַלטן, זייער סוף.

## צום אַרבעטער

אַלע ריידן, אַלע שרײַען,
אַלע קריגן זיך פאַר דיר
און דו האָסט ניט וואָס צו קײַען,
און דו האַלטסט נאָך מיטן גביר.

זוכסט אים דווקא אָנצושטאָפּן
מיט דעם כּוח, וואָס דו האָסט;
דו באַזינגסט די פילאַנטראָפּן
און פאַרשטייסט ניט, וואָס דיר קאָסט.

# די אַרבעטערס

אָט שטייען זיי פֿאַר מיר, אַ בלייכע שרענגע[1],
דעם עלנטס שרעקלעכע אַרמיי.
אָ, ניט־געהאָלפֿענע, גענאַרטע מענגע!
זי ברעכט מיך דורך דאָס האַרץ מיט ווי.

דאָס זײַנען מײַנע ברידער, בלאַס און אָרעם,
די שוועסטער מײַנע פֿון פֿאַבריק;
איך האָב אַ מאָל געקלאַפּט אין זייערע קבֿרים,
גערופֿן זיי צום לעבנס גליק.

איך בין אין זייער ווי אַרײַנגעדרונגען,
אין זייער חורבן טיף אַרײַן,
איך האָב פֿאַר גאָט און לײַט צעקלונגען
דעם גרויסן בראָך פֿון זייער זײַן.

איך האָב דער נאַכטיגאַל מײַן צונג געגעבן,
צו זינגען זיי אַ פֿרײַהייטליד,
צו ווײַזן זיי די פּרעכטיקייט פֿון לעבן,
צו ווײַזן אַז די צײַט פֿאַרפֿליט.

איך האָב געמאַכט די קבֿרים ריידן,
די הימלען אויפֿגעריסן ווײַט.
איך האָב געוועקט דעם גרוב און דעם גן־עדן
ווי אַן עדות צום גערעכטן שטרײַט.

דאָך אָר׳מע שקלאַפֿן זײַנען זיי פֿאַרבליבן
און איך בין עלנט, אַלט און קראַנק,
און וואָס איך האָב געזונגען און געשריבן
בלײַבט־איבער וואָגלען אָן אַ דאַנק.

[1](פויל׳) אַ גלייכע שורה, ליניע (ווי סאָלדאַטן אויפֿן באַפֿעל).

# מײַן רו־פּלאַץ

ניט זוך מיך, וווּ די מירטן גרינען!
געפינסט מיך דאָרטן ניט, מײַן שאַץ[1];
ווו לעבנס וועלקן בײַ מאַשינען,
דאָרטן איז מײַן רו־פּלאַץ.

ניט זוך מיך, וווּ די פֿייגל זינגען!
געפינסט מיך דאָרטן ניט, מײַן שאַץ;
אַ שקלאַף בין איך, ווו קייטן קלינגען,
דאָרטן איז מײַן רו־פּלאַץ.

*Andante*

Nit zux mix vu di mir-tn gri-nen, gefinst mix dor-tn nit, majn
sac vu le-bns vel kn ba ma-ši-nen dor-tn iz majn ru-e-
plac dor-tn iz majn ru plac

ניט זוך מיך, וווּ פֿאָנטאַנען שפּריצן!
געפינסט מיך דאָרטן ניט, מײַן שאַץ;
ווו טרערן רינען, ציינער קריצן,
דאָרטן איז מײַן רו־פּלאַץ.

און ליבסטו מיך מיט וואָרער ליבע,
טאָ קום צו מיר, מײַן גוטער שאַץ!
און הײַטער־אויף מײַן האַרץ דאָס טריבע
און מאַך מיר זיס מײַן רו־פּלאַץ.

---

[1] אוצר, פֿאַרמעגן.

## פעדער־שקלאַפעריי

### די פען און די שער

איך האָב געמיינט, דער שאַפּ איז שלעכט
און בעסער די רעדאַקציע,
אַצינד בין איך אַ פעדערקנעכט —
אָ, שרעקלעכע רעאַקציע!

די פען, וואָס האָט ביי מיר געדינט,
מוז איך אַליין איצט דינען —
איך וויין אויף יעדן טראָפּן טינט,
וואָס איז פאַראַן דערינען.

אַ מאָל האָב איך די וועלט באַקליידט,
באַמאַנטלט און באַיאַקעט —
אַצינד בין איך אַליין באַנייט
און לאָז דעם עולם נאַקעט...

ווער קען זיך מאַכן אַ באַגריף
פון מיינע גרויסע ליידן? —
איך טראָג מיין וויי אין האַרצן טיף
און טאָר דערפון ניט ריידן.

אָ, מאַכט מיר ווידער אויף דעם שאַפּ!
איך וועל דאָרט פיל פאַרטראָגן —
אָ, צאַפּ מיין בלוט, דו סוועטער, צאַפּ! —
איך וועל אַ העלפט נאָר קלאָגן.

וועל שאַפן ביטער, שאַפן שווער,
יאָ, שאַפן אָן אַ טענה —
פאַרדינגען קען איך נאָר די שער,
די פען מוז בלייבן מיינע!

## פאַרקויפט

ניט געטרוימט און ניט געזונגען
שוין זינט לאַנגע, לאַנגע וואָכן.
אַך, מײַן האַרץ ווערט מיר צעשפּרונגען!
אַך, מײַן האַרץ ווערט מיר צעבראָכן!
פּעק מיט שורות מוז איך שמירן
און פאַרשוואַרצן מײַנע יאָרן,
און איך קען ניט מער שטאָלצירן
מיט מײַן קונסט — איך בין פאַרלאָרן!
אײַנגעשפּאַנט אין פּראָסטן וואָגן
גייט דער כּרובֿ, וואָס פלעגט מיך טראָגן
אין די הימלען, ווו עס בלײַען
לעבנס שיינע פאַנטאַזײַען[1].

ווילדע קרײַטערס מוז איך זייען
און די בלומען מײַנע שמאַכטן
און איך דאַרף מיט דעם זיך פרייען,
וואָס מײַן זעל מוז עס פאַראַכטן.
נאָר סענסאַציעס מוז איך קלערן,
צו געפעלן זשוק און זשאַבע[2]...
וויי, וואָס וועט פון דיכטער ווערן?
וואָס וועט ווערן פון זײַן גאַבע[3]?
אויס, פאַרדונגען די געפילן,
די געדאַנקען און דעם ווילן,
און איך קען מער פרײַ ניט שוועבן
אין דער וועלט פון ליכט און לעבן.

---

[1] (לשם ריטעם און גראַם) געענדערט פאַנטאַזיעס. — [2] פּאָפּולערער משל. — [3] (ד׳) מתנה.

אָ, איך פיל, איך ווער דערטרונקען
דאָ, אין אָט דער טיפער בלאָטע!
אָ, איך פיל, איך ווער פארזונקען
און איך וויין אַזש פאַר חרטה,
ווי דעם שקלאַף אין סוועטערס העלע:
ביי דער פרעס, ביי דער מאַשינע!
ווייער[4] דעם, וואָס מוז זיין זעלע
צופאַסן צום עולמס מינע.
ניין, איך קען דאָ מער ניט זיצן
און מיין גייסט אויף נישט פאַרניצן!
ניין, איך קען ניט מער דערביי זיין,
מיין נשמה — זי מוז פריי זיין!

## אַלץ איינס

אַרבעט מיטן כּוח:
אַרבעט מיט די הענט,
אַרבעט מיטן מוח:
אַרבעט מיט טאַלענט,
נייען אָדער זינגען,
שירים אָדער שער —
דאַרפסטו זיך פאַרדינגען,
פאַלט עס זייער שווער.

## זשורנאַליזם

היינט געשריבן, היינט געלעזן
און אויף מאָרגן איז עס אַלט.
אָ, ווי שווער די אַרבעט פאַלט!
אָ, ווי ווערט מען פאַרט געװעזן
פון דער מי, וואָס האָט קיין ברכה,
פון דער שענדלעכער מלאכה?
כאָטש אַ יאָר פאַר מיין שטאַרבן,
גאָט, ניט לאָז דערביי מיך דאַרבן!

---

[4] מער ווי, אַ גרעסערער ווייטיק.

# די איינשווערונג

פאַרן דיכטער אַ פּראָגראַם,
וואָס צו זינגען און צו זאָגן
דאָ אין אונדזער גרויסן ים
פון יסורים און פון קלאָגן.

**אָ, זעסטו די שעפּער[1]? באַטראַכטסט די פאַבריקן?**
דאָס שאַפן די מענטשן דעם מענטש זײַנע גליקן;
זיי שניצן און בויען, און שפּינען, און וועבן,
און שנײַדן און שמידן און שאַפן דאָס לעבן.
דאָך פרעג זיי, די בלייכע, וואָס צאַפּלען און שוויצן,
ווי גרויס זייער לוין איז און וואָס זיי באַזיצן?
אָ, פרעג, ווי זעט־אויס זייער היים, ווו זיי קומען
בײַ נאַכט, ווען די פינצטערע רעדער פאַרשטומען!
אָ, פרעג וואָס זיי טוען אין צײַטן פון דאַרבן:
אין צײַטן פון סלעק[2], יאָ, די צײַטן פון שטאַרבן!
אָ, פרעג ווער האָט שולד אין דעם עלנט, דעם שווערן,
און פעלט זיי באַוווסטזײַן — זאָלסטו זיי דערקלערן!
דערקלער זיי די סיבה פון שרעקלעכן איבל
און מעג די פאַרדאַרבנקייט האָבן פאַראיבל.
דײַן פען זאָל אַ פידל צו גלײַך און אַ שווערד זײַן:
זאָלסט שפּילן און שטראָפן, דײַן קראַפט זאָלסטו איבן,
און האָסט דיך די חיה — דער מענטש וועט דיך ליבן,
דאָס רעכט וועט דיך ליבן, און גרויס וועט דײַן ווערט זײַן.
נו, שווער, וועסט זײַן מיט דעם אָר׳מען און שלאָפן?
„אָ, הער:
איך שווער!“
**טאָ נעם־צו די ברכה פון טויזנטער שקלאַפן!**

---

[1] (ענגליש) וואַרשטאַטן. — [2] ווייניק אַרבעט.

דו הערסט, ווי מען פּריידיקט אונדז דומהייט [3] און ליגן?
דו זעסט ווי מען זוכט אונדזער האַרץ צו פאַרוויגן,
דעם שׂכל צו קרימען — מען וויל אונדזער לעבן!
די נאַכט נעמט אונדז צו, וואָס דער טאָג האָט געגעבן...
דו זעסט זיי, די פינצטערע? זעסט די באַצאָלטע?
איין טײַוול: די בערדיקע ווי די געגאָלטע!...
דו זעסט, ווי זיי זוכן דעם גײַסט צו אַנטראָגען,
אים שלעפּן צוריק אין די שוואַרצע רעגיאָנען,
פון וואַנען ער איז מיט אַ ווייטיק אַנטרונען?
דו זעסט, ווי זיי סמען דעם וויסנשאַפט־ברונען?
אויף אונדזערע מוחות דורך דאַרשט צו פאַרשמאַכטן,
אויף אונדז צו באַטריגן, אויף אונדז צו אומנאַכטן...
אַרויס מיט דײַן כּוח, אַרויס מיט געוואַלדן!
פאַרטומל די טומלערס, ניט לאָז זיי דאָ וואַלטן [4],
ניט לאָז אונדזער וויסן, דורך אָפּפער דערוואָרבן,
זאָל פאַלן דעם בלוטיקן אומזין אַ קרבן.
נו, שווער: ווערסטו דעמאַגאָגן פאַרהאַסן?
„אָ, הער:
איך שווער!"
טאָ נעם־צו אַ צענפאַכן גרוס פון די מאַסן!

אָ, זעסט דורכן רויך די צעקאָכטע אַרמייען?
דו הערסט? — דער גיהנום וואַכט־אויף מיט געשרייען!
עס קלינגען די שווערדן, עס הילכן גראַנאַטן:
די טײַערע יוגנט פאַרשווינדט דאָ אין שאָטן.
אָ, בלוטיקע טײַכן פאַרגיסן די בלומען!
דער אַקער פאַרפלייצט און די פעלדער פאַרשוווּמען.
מען זעט ניט קיין ערד און מען זעט ניט קיין הימל —

[3] נאַרישקייט. — [4] הערשן, קאָמאַנדעווען.

אָ, שרעקלעכע קולות, אָ, ווילדער געטומל!
אַ פּחד פֿאַלט־אָן אויף די בערג און זיי שטוינען:
דאָס איז אַ מלחמה, עס שפּילן זיך קרוינען.
די בעסטיע אין מענטש האָט זיך פּלוצלינג צעבייזערט,
דער מענטש אין דער בעסטיע, זיך פּלוצלינג צעקייזערט.
נישטאָ קיין געפֿילן, נישטאָ קיין רחמנות.
עס זיפֿצן יתומים, עס קלאָגן אַלמנות.
עס וויינען די וואָלקנס אַרונטער פֿון אויבן,
עס יאָמערט די ליבע, עס ציטערט דער גלויבן...
נו, שווער: וועט דײַן פֿעדער פֿאַרדאַמען מלחמות?
„אָ, הער:
איך שווער!"
טאָ נעם־צו דעם לויב פֿון מיליאָנען נשמות.

אָ, זעסטו, דאָס שעפּעלע? קוים וואָס עס זשיפּעט[5],
צעשלאָגן, צעהרגעט, צעקרעלט און צעשונדן,
עס פֿלייצן די בלוטן פֿון טויזנטער וווּנדן.
אָט קוים וואָס דאָס אָטעמט נאָך, קוים וואָס דאָס כליפּעט:
„דערהרגעט מיך בעסער און נעמט־צו אין גאַנצן
מײַן אָרעמעס לעבן", דאָך זעסט ווי זיי טאַנצן,
די בלוטיקע חיות? דו הערסט וואָס זיי זאָגן?
„עס הייסט אונדז ניט גאָט דיך אין גאַנצן דערשלאָגן,
נאָר שטראָפֿן דײַן זינד, דו פֿאַרדאָרבענע, שלעכטע,
און מיר פֿירן־אויס זײַנע רייד די גערעכטע".
דערקענסטו דאָס שעפּ׳לע? — די אָרעמע אומה!
און קענסטו די חיות? — די פֿעלקער די פֿרומע!
נו, שנעל גאַרטל־אונטער די לענדן מיט כּוח
און שטרעק־אויס דער וויסנשאַפֿט פֿלאַמענדן זעבל[6]!

[5] אָטעמט מיט די לעצטע כּוחות. — [6] (דײַטש) שווערד.

אַרויס אויפֿן מאַרק צו דעם פֿינצטערן פּעבל
און וויַיז זיי מיט ראַיות און וויַיז זיי מיט מוח,
אַז פֿריַיהייט אין גלויבן און גלויבן אין פֿריַיהייט
וועט פֿירן די מענטשהייט צו אייביקער טריַיהייט.
גו, זאָג: ווערסט זיַין קעגן ייִדן־העצעריַיען?
„אָ, הער:
איך שווער!"
טאָ לעב — און דיַין נאָמען זאָל אייביק געדיַיען[7]!

## אומזיסט

צעברעך די פּען, דו, אָר׳מער דיכטער,
פֿאַר וועמען זינגסטו דאָ דיַין ליד?
פֿאַר וועמען? אין אַ לאַנד פֿון טומל,
וואָס קאָכט און רוישט ווי אַ יאַריד!

וווּ מענטשן לויפֿן ווי פֿאַרסמטע,
וווּ נאָר עס ליאַרעמט, הילכט און שריַיט;
וווּ יעדער איינער שאַכערט, מאַכערט
און האָט קוים, קוים צו שטאַרבן ציַיט...

ווער דאַרף דאָ דיכטערס און פּאָעטן?
פֿאַרלוירן ווערט דאָ דיַין געזאַנג,
אין דעם צעמישטן ים פֿון האַנדל,
צווישן טאָלערס וויסטן קלאַנג!

דו האָסט אַ פּנים ווי משוגע
ביַי דער פֿאַרקויפֿטער, פֿאַלשער וועלט;
דאָ האָט מען פֿיַינט געציילטע זילבן,
דאָ ליבט מען נאָר צו ציילן געלט.

---

[7] וואַקסן, מצליח זיַין.

# מיר זיינען פרייהייט־סאָלדאַטן

אַן אַרבעטער־מאַרש

מיר זײַנען סאָלדאַטן אין פֿרײַהייט־אַרמיי
און שטייען גאַנץ פֿעסט אין די רייען —
מיר קומען באַפֿרײַען די וועלט פֿון איר ווײ,
די מענטשהייט פֿון קנעכטשאַפֿט באַפֿרײַען.
באַגײַסטערט מיט אמת, באַלאָדן מיט מאַכט,
מאַרשירן מיר קעגן האַרמאַטן —
מיר קומען אין זונשײַן פֿאַרוואַנדלען די נאַכט,
מיר קומען ווי בראַווע סאָלדאַטן.

מיר האָבן דורך דורות געטראָגן די נויט
און שטיל, און געדולדיק געשוויגן,
עס האָט אונדז דער רײַכער געמאַטערט צום טויט,
געטראָטן, געריבן ווי פֿליגן.
נו, קומען מיר זאָגן דעם מעכטיקן „האַלט!“
און וואַרפֿן אַ שרעק אויף דעם זאַטן...
מיר קומען צעשטערן די הערשאַפֿט פֿון גוואַלד
און קומען ווי בראַווע סאָלדאַטן.

מיר קומען מיט פֿעסטע כּלי־זיין פֿאַרזען
און האַלטן זיך מער ניט פֿאַר שוואַך —
פֿאָרויס גייט אונדז מאַרקס מיט זײַן מעכטיקער פּען,
לאַסאַל מיט זײַן גוואַלדיקער שפּראַך,
אונדז פֿעלן קיין פֿירערס, אונדז פֿעלט קיין געווער —
אַ, ציטערט, איר, שטאָלצע מאַגנאַטן! —
מיר קומען פֿאַרזאָרגט און באַוואָפֿנט אַהער,
און קומען ווי בראַווע סאָלדאַטן.

וואָס אַרט אונדז אַ שונא! וואָס אַרט אונדז אַ שפּיאָן!...
מיר בלײַבן דעם אמת נאָך טרײַער,
מיר הייבן נאָך העכער די הייליקע פאָן,
און וואַרפן זיך דרייסטער אין פײַער.
ניטאָ אַזאַ מאַכט, וואָס זאָל שטערן דעם זיג
פון אונדזערע קרעפטיקע טאַטן —
מיר ציִען מיט ליבע אין ברענענדן קריג,
ווי ערלעכע פרײַהייט־סאָלדאַטן.

## איך שטרייק

אַ סוף זאָל דאָס נעמען מיט נאָדל און שער!
איך בין מער קיין שנײַדער; איך אַרבעט ניט מער!
איך טו מער קיין שניט ניט; איך טו מער קיין שטאָך —
געענדיקט אַן עסק און כאַפּט עס אַ בראָך!

איך אַרבעט, און אַרבעט אַלץ, זינט איך געדענק,
און וואָס האָב איך אָפּגעשפּאָרט פרעגט מיך? אַ קרענק!
ווי לאַנג איז דער שיִער צו פאַרבלײַבן אַ פערד?
איך אַרבעט ניט לענגער און גייט עס אין דר'ערד!

מען זאָגט, עס איז דאָ אַצינד אַרבעט לרובֿ —
וואָס העלפט דאָס? איך בלײַב אַלץ דער זעלבער בעל־חובֿ.
איך אַרבעט און אַרבעט און, ווייסט איר, צו וואָס?
צו שפּײַזן אַ סוועטער [1], אַ לומפּיקן באָס [2].

אָ, זינט איך בין שנײַדער האָב איך שוין צעניית
אַ ים מיט מלבושים, אַ וועלט שוין באַקליידט —
דאָך וואָס קומט אַרויס, צי איך ניי, צי איך סטאָפּ [3]?
אַ שריפה מעג קומען אַלץ איינס אויף דעם שאָפּ!

---

[1] (ע') איינער וואָס לאָזט אַרבעטן פאַר אַ הונגערלוין. — [2] אַ פאַבריק־פירער פון נידערטרעכטיקסטן מין. — [3] שטעל־אָפּ (די אַרבעט).

# אייגענע שולד

וואָס ווייניקער איר ווייסט,
אַלץ מער געפינט איר טרייסט
און פרייד, און לוסט אין לײַדן;
וואָס קנאַפּער איר פאַרשטייט,
אַלץ לוסטיקער איר גייט
צום חלף ער זאָל שנײַדן.

איר זעט פאַר זיך אַ וועלט
און ווייסט ניט, אַז זי פעלט
אי אײַך, אי אײַערע ליבע.
איר זעט און ווייסט ניט וואָס,
און האָט ניט קיין פאַרדראָס,
און זוכט ניט נאָך די סיבה.

איר קענט ניט אײַער בויט,
ד׳רום[1] זעט איר ניט דעם טויט,
וואָס גלאָצט אײַך גלײַך אין פנים;
איר פילט ניט אײַער שטאַנד,
דערפאַר הייבט איר ניט קיין האַנט
אַנטקעגן אײַערע שונאים.

דאָס לעבן קומט און גייט,
אַ ראַשער ווינט פאַרווייט,
דאָך איר פאַרבלײַבט צופרידן.
יאָ, אײַער ווי בלײַבט שטיין,
איר האַלט עס צו אַליין,
אַ, אַרבעטערס און ייִדן!

[1] (געקירצט) דערום, דעריבער, דערפאַר.

## אַ נבואה

אַזוי ווי איר קענט דאָס געפּערלעכע מויל
פון ווילדן ווולקאַן ניט פאַרמאַכן,
ווען פלוצלינג ער קאָכט זיך פונאַנדער מיט גרויל
און וואַרפט פון זײַן גליענדן ראַכן [1]
די יאָרנלאַנג קלייענדע גלוט [2] מיט אַ גוואַלד,
אַזוי וועט איר אויך ניט פאַרמאַכן
דעם קראַטער פון צאָרן, בײַ דעם וואָס איר האַלט
פאַרשקלאַפט איצט, ווען ער וועט דערוואַכן.
איז שטיל, דאַכט זיך, רויק, פון אויפרעגונג ווײַט,
און גיט זײַן געדולד אײַך צו שטײַער,
דאָך טיף אין זײַן בוזעם פאַרפאַרטיקט די צײַט
אַ גרויסן און שרעקלעכן פײַער...
און וויי, ווען דאָס דאָזיקע פײַער ברעכט־אויס!
אָ, וויי אײַך פאַר יענע מינוטן,
ווען ענדלעך עס וועלן מיט שרעקן אַרויס
די יאָרן לאַנג קלייענדע גלוטן!
אויף אײַערע טעמפּלען, אויף אײַער פּאַלאַסט [3],
אויף אײַ׳רע סאַלאָנען זיך שפּרייטן
וועט יענער געוואַלטיקער פלאַם, מיט אַ האַסט.
אויף אײַערע ווענט מיט די קווייטן,
אין בלומענטאָפּ וועט ער פאַרצערן די רויז,
וואָס בליט אײַער ברוסט צו פאַרצירן,
און לאָזן אײַך נאַקעט, און לאָזן אײַך בלויז,
אין שאַנדע צום קבֿר מאַרשירן.
צעשמאָלצן וועט ווערן דער גאָלדענער געץ,
פאַר וועלכן איר קניט און איר פלאַטערט,
און איר, אין זײַן הייסן און בלוטיקן פּעטס...

---

[1] (דײַטש) פּיסק, אָפּגרונט. — [2] פלאַמפײַער. — [3] פּאַלאַץ.

וועט ווערן צעקאַכט און געפּטרט;
צו מאָל אויף די בערג וועט איר טרעפן דעם בראַנד
פאַרצערן דעם שפּיץ פון די אייכן[4] —
אומזיסט וועט איר הייבן צום הימל די האַנט,
איר וועט אים ניט קענען דערגרייכן!
דען העכער וועט ווערן אין יענעם מאָמענט
דער הימל, גאָט וועט זיך דערהויבן
און אָפּקערן פון די פאַרבלוטיקטע הענט,
פאַרשמירטע פון מאָרדן און רויבן.
און איר וועט דאַן בלייבן אַ רויב צו דעם כּעס,
וואָס איר נאָר אַליין האָט געשאַפן,
דורך אייער צעלאָזנקייט און משוגעת —
אין אייערע עלנטע שקלאַפן...
פון מזרח ביז מערב וועט גרייכן דער פלאַם,
פון דרום ביז צפון זיך ציען —
ער וועט ווי אַ ווונדער אַריבער דעם ים
און קומען ווי כּישוף צו פליען.
עס וועט קיין פאַרלעגענער ווינקל ניט זיין,
ווו איר וועט זיך קענען פאַרשטעקן,
דען העל וועט עס זיין אומעטום פון אַ שיין,
וואָס וועט אויף אייך ווייזן מיט שרעקן...
אַ, דאַן וועט איר זען אייער שרעקלעכן סוף,
פון וועלכן איר ווילט איצט ניט הערן,
דאָס וועלטגעריכט וועט אייך באַשטימען די שטראָף
אין איר וועט ניט קענען זיך ווערן —
איר וועט, ווי אַ חלום אין טונקעלער נאַכט,
פאַרשווינדן אין רויך און אין שאָטן,
און ענדיקן וועט זיך די הערשאַפט פון מאַכט
געשטיצט אויף דער קראַפט פון האַרמאַטן.

[4] (ד׳) דעמב.




דער ספר: אַ טרייסט פאַר ייִדן, געצ׳ פון אפרים־משה ליליען

## דער ריס

ווען איך בין געווען אַן אומשולדיק קינד,
אין וועלטזאַכן פרעמד און אין גאַטזאַכן בלינד,
געדענק איך: דער שמש אין פּאָליש בײַם וואַנט
פלעגט שטיין מיט אַ לאַנגער רצועה אין האַנט —
מײַן טאַטע פלעגט ליגן בײַ אים צו די פיס
און צאָלן מיט גראָשנס פאַר יעדערן ריס.

עס רוקט זיך די צײַט, דאַכט זיך, גאָר אומבאַטראַכט,
מען האָט מיך מיט מזל אין חדר געבראַכט.
אַ נײַער סאָרט לעבן, אַן אַנדער מין וועלט:
אַ יידליק, אַ כּעסן, ער שמײַסט און ער קנעלט,
ער האַקט מיטן קאַנטשיק, עס ווערט אים ניט מיאוס —
מײַן טאַטע צאָלט גראָשנס פאַר יעדערן ריס.

בר־מצווה, איך שטיי און איך דרשן געשמאַק,
דער רבי׳ל גיט פלומרשט אַ קניפּ מיר אין באַק,
אַ קניפּ גיט דער חזן מיר אויך און ער זאָגט:
אָ, ווײ, סאַראַ קעפּל דאָס יינגל פאַרמאָגט!
זײַן דרוש איז געפּערלט, זײַן מפטיר איז זיס...
און יעדערער מיינט נאָר צו געבן אַ ריס...

אויף אומגליקן וואַקסט מען, און איך בין שוין גרויס,
מען רײַסט מיך פון מײַנע געליבטע אַרויס:
אַ זעלנער... די עלטערן וויינען זיך בלינד,
עס וויינט שוין אַ פרוי און עס וויינט שוין אַ קינד...
אַנטלויף קיין אַמעריקע אָדער גיי שיס...
ווי שווער איז די שיידונג, ווי טיף איז דער ריס!

עס זײַנען שוין צענדלינגער יאָרן פֿאַרבײַ
און שטענדיק דאָס אייגענע נאָך — רײַסערײַ!
איך זע אין מײַן לעבן קיין איין גאַנצן ביס.
אַ גאַנץ ייִדיש לעבן — אַ ריס אויף אַ ריס...
די שול און דער חדר, די חבֿרה, דאָס לאַנד —
עס רײַסט יעדער איינער, וואָס האָט נאָר אַ האַנט...

## גלות

מען האָט געריבן די ערד פֿון אונטער אײַערע טריט,
דאָס ליכט פֿון איבער אײַערע קעפּ גענומען —
איר וועלקט אָן צײַט, איר ניט־געבליטע בלומען,
דען וואָס איר דאַרפֿט צום לעבן — גיט די וועלט אײַך ניט.
איר זעט, דער פֿויגל פֿלאַטערט אין דער לופֿט,
איר הערט זײַן העלן קול, ער וועקט, ער רופֿט,
איר ווילט פֿון דר׳ערד דערלאַנגען זיך אַ ריס,
נאָר ס׳הייבן זיך ניט אײַערע מידע פֿיס.

דער פֿרילינג לעבט און שטאַרבט, דער זומער גייט־פֿאַרבײַ,
געהילט אין גרינס און גלאַנץ, באַקראַנצט מיט זאַנגען,
און אײַער האַרבסט קומט איידער איר געניסט פֿון מײַ.
איר זעט, דער וואָרעם קריכט אויף דר׳ערד אַליין,
ער האָט געמאַכט אַ היים זיך אונטערן שטיין.
איר ווילט אים נאָכקריכן, זאָל זײַן כאָטש דאָרט,
דאָך בלײַבט איר ווערעם, אָבער אָן אַן אָרט.

פֿון פֿינצטערניש צו פֿינצטערניש געיאָגט, האָט אײַך
דער שיקזאַל ענדלעך דאָך געבראַכט צו טרײַבן,
אויף פֿרײַהייט־באָדן רויק צו פֿאַרבלײַבן,
צו טרינקען פֿון איר קוואַל מיט אַלעמען צו גלײַך.

איר זעט, מען זויפט דאָס זיסע גליק מיט לוסט,
מען פאַלט באַטרונקען אויף דער פרײַהייט־ברוסט...
איר זעט דעם בעכער פון געזוכטן גליק,
דאָך איר נאָר טרינקט דעם רויש פון דער פאַבריק.

אַ דומפּער גרוב איז אײַער היים — זי אָטעמט פעסט,
איר קומט פון קאַמף זיך דאָרטן צו דערהיילן,
דאָך צווינגט מען אײַך אַלץ מער דערפאַר צו ציילן,
איר רײַסט עס אָפּ פון קאַרגן ביסן, וואָס איר עסט.
איר זעט די שטיקער לאַנד אַרום, ווי לער!
גענוג פאַר אַלעמען און נאָך פיל מער,
דאָך איז געטאָ נאָר פאַר אײַך געשטעלט,
ווײַל דאָרטן לעבט איר, דאָרט איז אײַער וועלט...

## אַ גלות־מאַרש

מיט דעם וואַנדערשטאָק אין האַנט,
אָן אַ היים און אָן אַ לאַנד;
אָן אַ גואל, אָן אַ פרײַנד,
אָן אַ מאָרגן, אָן אַ הײַנט,
ניט געדולדעט, נאָר געיאָגט,
ווו גענעכטיקט ניט געטאָגט —
שטענדיק ווייַ, ווייַ, ווייַ,
שטענדיק גייַ, גייַ, גייַ,
שטענדיק שפּאַן, שפּאַן, שפּאַן,
כּל זמן כּוח איז פאַראַן.

אונדזער גבֿורה ליגט אין שטויב,
אונדזער תּורה איז אַ רויב,
אונדזער נאָמען — אַ געפאַר,

אונדזער יחוס נאָר אַ צער,
אונדזער גאונות נאָר אַ חטא,
אונדזער פֿײַנקייט — אַ געשפּעט.
שטענדיק שלעכט, שלעכט, שלעכט,
שטענדיק קנעכט, קנעכט, קנעכט,
שטענדיק זוך, זוך, זוך,
ברכה אין דעם שונאס פֿלוך.

מוזיק — הערץ גערשאָניץ



און אַזוי, אָ, יאָר נאָך יאָר,
און אַזוי, אָ, דור נאָך דור,
אָן אַ האָפֿענונג, אָן אַ צוועק,
אײַנגעהילט אין גרויל און שרעק,
וואָגלען מיר וועלט־אויס, וועלט־אײַן,
פֿון יסורים נאָר צו פּײַן.
שטענדיק טרעט, טרעט, טרעט,
שטענדיק בעט, בעט, בעט,
שטענדיק נויט, נויט, נויט,
און קיין גליק צו מאָל צום טויט...

# די ליכט־פּאַרקויפערין

(אַ בילד פון דער אָרעמער גאַס)

אין העסטער סטריט[1], נעבן אַ טעלעגראַף־סלופּ,
אַן אָרעמע פרוי זיצט דאָרט גלײַך צו אַ טרופּ[2];
אַ ביינערן פּנים און בלייך ווי דער טויט,
דאָך קענטיק די באַקן געוועזן אַמאָל רויט;
נאָר ווילטאָג און פרײַנדשאַפט, און ליבע און פּראַכט,
זיי האָבן געוויס דאָס ניט חרובֿ געמאַכט.
עס זיצט דאָרט די בלייכע, פון וויינען האַלב בלינד,
איר ברוסט ציט אַ דאַר, אַ פאַרמאָרעטע קינד —
דאָס זויגט און דאָס וויינט, און דאָס שלאָפט, און מיט ווײַ
שפּרינגט־אויף דאָס סקעלעטל פון מאַמעס געשרײַ:
— קויפט, ווײַבערלעך, ליכטלעך צוויי פאַר דרײַ סענט,
אויף מיר אַזאַ מזל, ווי ליכטיק דאָס ברענט!

איר סחורה איז ווינציק, איר קערבעלע — קליין,
דאָך שטענדיק דערנערט זיך די שוואַכע אַליין:
אין שניי און אין רעגן, אין פראָסט און אין ווינט,
די אָרעמע ייִדענע זיצט מיט איר קינד;
זי האַנדלט, און האַנדלט, אין צער און אין נויט,
דאָך האָט זי קיין היים, נישט קיין קלייד און קיין ברויט;
און אויסער דעם סלופּ, אַט דעם שטומען, מיר שײַנט,
פאַרמאָגט זי קיין קרובֿ, קיין נענטערן פרײַנט;
דאָך כאָטש זי איז עלנט, פאַרלאָזן און קראַנק,
פאַרלאַנגט זי פון קיינעם און בעט קיין געשאַנק —
מיט שבת־ליכט האַנדלט זי דאָ, ווי איר זעט,
מען זאָל זיי נאָר קויפן, איז אַלץ וואָס זי בעט.

[1] גאַס. — [2] מת.

לכּבֿוד דעם שבת, דעם הייליקן גאַסט,
לויפֿט יעדער אין מאַרק מיט אַ שׂמחה, מיט האַסט;
עס טומלען זיך מענטשן אַהער און אַהין,
דאָך ליגט די פֿאַרחושכטע קיינעם אין זין.
ווער דאַרף אירע אָרעמע ליכטלעך די פּאָר?
נאָך פֿלייש, און נאָך פֿיש, און נאָך וויַין לויפֿט מען גאָר.
די שוואַכע שטעלט־אויס אירע מאָגערע הענט:
— קויפֿט, וויַיבערלעך, ליכטלעך צוויי, פֿיר דריַי סענט!
דאָך ווער הערט איר שריַיען? — פֿאַרלוירן ווערט דאָרט
אין ווילדן געטומל איר אָרעמע וואָרט!
אַחוץ די יתומה, די קליינע, אין שויס —
זי הערט מאַמעס שריַיען, דאָך וואָס קומט־אַרויס?

איך בעט איַיך, ווי לאַנג וועט נאָך האַנדלען אין גאַס
די עלנט געבֿליבענע, קרענקלעך און בלאַס?
ווי לאַנג קען זי ליַידן נאָך הונגער און נויט,
זיך ראַנגלענדיק מיט דעם פֿאַרביסענעם טויט?
זוי לאַנג, אָ, ווי לאַנג וועט דאָס אָרעמע וויַיב
נאָך שפּיַיזן דעם נפֿש וואָס ליגט ביַי איר ליַיב?
אַמאָל פֿלעגט דאָס קינד כאָטש דערשלינגען אַ טרער,
דאָך איצט, מאַמעס אויגן, זיי ווייגען ניט מער...
ניטאָ מער קיין טרערן, דער מוח איז לער,
דאָס האַרץ איז צעבראָכן, דער אָטעם איז שווער;
די ליפּן נאָר מורמלען נאָך קוים אויס מיט ווי:
— קויפֿט שבת־ליכט, וויַיבערלעך, קויפֿט כאָטש צוויי!

אין העסטער סטריט, שטיל און פֿאַרלאָזן, אַליין,
אַ יתומל שטייט דאָרט, אַ קערבעלע קליין,
דערביַי זיצט אַ קאַלטער פֿאַרגליווערטער טרופּ,
די אָרעמע סוחרטע, נעבעך אַ סלופּ.

דערוויַילע האָט קיינער באַמערקט נאָך דעם מת -
עס זיַינען די ריַיכע פֿאַרטאָן מיט דעם פּרעס;
היַינט ווער רעדט די פֿרומע, די כּשרע ליַיט,
זיי האָבן געוויס ערבֿ שבת קיין ציַיט.
אַזוי איז די דראַמע אַוועק אומבאַטראַכט,
ביז לאַנגזאַם און שטיל איז געקומען די נאַכט,
געקומען איז אויך פֿון דעם הייליקן זבֿול
די בת מלכּה שבת, איצט גייט מען אין שול.

*

אין שול איז איצט ליכטיק, און ציכטיק, און פֿיַין,
דער חזן זינגט זיס, אַלע הערן זיך איַין.
דאָך וואָס איז די מנורה אַזוי ווי אין טרויס?
די ליכט, וועלכע שטעקן דאָרט, שמינקלען זיך קוים!
די ליכטלעך, זיי זיַינען דאָך — ווייסטו עס ניט? —
דער סוחרטעס וואָס איז געשטאָרבן אין סטריט.
דאָס האָבן די ריַיכע, די פֿרומע געבראַכט,
פֿאַר איר מיט איר קינד דאָ צו ברענען די נאַכט.
די ריַיכע, די פֿרומע דערפֿילן אַ פֿליכט:
זיי צינדן דאָס אָן דער געשטאָרבענערס ליכט.
די ריַיכע, די פֿרומע — וואָס אַרט זיי אַ גוף?
נשמות — דאָס, זעט איר, דאָס הייבן זיי אויף...

אָ, הייליקע ליכט! איר זיַיט עדות אַצינד,
אַז נויט האָט דערשלאָגן דאָ מוטער און קינד,
אַז דאָ ווו מיליאָנען פֿאַרניצט מען צום שפּאַס,
דאָ לאָזט מען פֿאַרהונגערן מענטשן אין גאַס;
אויף כּבֿוד, אויף לוקסוס, ווו גאָלד ווערט פֿאַרוועגדט,
זיַינ׳ פֿאַר דעם געדריקטן פֿאַרשלאָסן די הענט.
באַהאַלט איַיער פֿלאַם, אָ, איר הייליקע ליכט,

ביז יענעם אַלמעכטיקן טאָג פֿון געריכט!
און דאַן, פֿאַר גערעכטיקייטס הימלישן טראָן,
איר, ריינע נשמות־ליכט, דאַן צינדט זיך אָן —
זאָל ליכט וואַרפֿן ליכט אויף אַ פֿינצטערער צײַט,
פֿון ערלעכקייט פֿרעמד און גערעכטיקייט ווײַט!

## יום־כיפור צו מנחה

יום־כיפור, צו מנחה, דער אומעט איז גרויס,
די ריינע נשמות־ליכט גייען שוין אויס.
דער עולם איז מיד און פֿאַרחלשט, און בלאַס.
דער חזן איז הייזעריק, שוואַך איז דער באַס,
די זינגערלעך לעכצן שוין אַלע נאָך רו,
אַ פּאָר תּפֿילות מער, און דער מחזור איז צו.
עס בלאָזט דער בעל־תּקיעה לשנה הבאה
און פּוסט איז די שול — עס איז קיינער נישטאָ.

*

איך שטיי בײַ דעם אָרון קודש און טראַכט:
אַ, וואָס איז נאָך דעם, ווען די שול איז פֿאַרמאַכט?

## דער בלינדער בעטלער

אין גרענד סטריט, ניט ווײַט דאָרט פֿון סאָקערשטיינס סטאָר,
זיצט טעגלעך אַ בלינדער מיט גרוי־לאַנגע האָר.
גאַנץ טיף אין זײַן פּנים האָט, קענטיק, די נויט
דאָס שרעקלעכסטע אויסגעקריצט: „שענקט מיר אויף ברויט!"
ער זיצט דאָרט און קרעכצט, פֿאַרהונגערט און מיד,
און שפּילט אויף זײַן פֿידל אַן אומעטיק ליד.

און אַיעדע סטרונע, וואָס ער גיט אַ דריק,
און אַיעדעס מאָל, וואָס ער ציט מיטן סמיק,

דערהערן זיך טענער, געמישט מיט געוויין,
וואָס קענען צענעמען אַ האַרץ פֿון אַ שטיין —
דער אָרעמער שפּילט דאָרט אין ווינט און אין שטויב,
זײַן פֿידעלע קרעכצט ווי אַ ווונדיקע טויב.

אי הערן, אי דאַמעס שפּאַצירן דאָרט פֿיל,
זיי וויסן גאַנץ גוט, וואָס דער עלנטער וויל,
זיי הערן זײַן ביטערן זיפֿץ, זײַן געוויין,
און וויסן אַז דאָ טאָר מען בעטלען ניט גיין...
זיי וויסן און האַלטן פֿאַרשלאָסן די הענט,
די הענט און די הערצער, און גיבן קיין סענט.

אָ, מענטשן! דער בלינדער, וואָס זיצט דאָרט אַצינד,
זײַט וויסן, איז ניט פֿון געבוירנהייט בלינד;
ער האָט, ווי מיר אַלע, די ליכטיקע זון
געזען און געהאַט אַמאָל נחת דערפֿון.
ער האָט אין אַ קוילנגרוב צו לאַנג געשאַפֿט
און דאָרטן פֿאַרלוירן זײַן שײַן און זײַן קראַפֿט.

אָ, וויי! ווער עס האָט נאָר אין דעם אַ באַגריף!
אָן לופֿט און אָן ליכט, אין דער ערד דאָרטן טיף
צו שאַפֿן, צו לײַדן, צו זײַן דאָרטן נאָר,
אָ, דאָרט, ווו דאָס לעבן הענגט נאָר אויף אַ האָר,
דער ווייסט, אַז ווען אונדז איז דאָ וואַרעם און גוט,
דאַן וואַר׳מען אונדז מענטשלעכע קנאָכן און בלוט...

ווען העל אײַער פֿײַערל פֿינקלט און בליצט,
ווען איינזאַם און וואַרעם אין צימער איר זיצט,
באַטראַכט איר ווען, מענטשן, אין גליִענדן זשאַר,
מיליאָנען געזיכטער צעלעכערט און דאַר?
דאָס זײַנען באַגראָבענע גרעבערס אַ ים,
דאָס שוועבט זייער שאָטן בײַ אײַך אויף דעם פֿלאַם.

אָ, פּרעסער! ווען בלוטיק איר בײַסט מיט די צײן
די פלײשן, געקאַכט מיט די בערגלײַטס געביין,
באַמערקט איר די פּאַרע, וואָס שטײַגט אין דער לופט?
דאָס איז פון פאַרשאָטענע גרעבערס דער דופט.
דאָס זײַנען די אָטעמס, די לעצטע, פון די,
וואָס האָבן אין מינעס געאָפּפּערט אײַך מי.

אין יעדערן שטיקעלע, פּיצעלע קויל
באַטראַכט איר אין פײַער אַ גליִענדע מויל?
איר הערט, ווי עס זיפצט, ווי עס קרעכצט, ווי עס בעט?
איר הערט, ווי עס ליאַרעמט, עס פּילדערט, עס רעדט?
איר הערט, ווי עס גוואַלדעוועט, דונערט און שרײַט:
— מיר זײַנען פאַרלוירן געוואָרן אָן צײַט!

צו די פאַרברענטע דורך בלוטיקער האַנט
געהערט אויך דער אַלטינקער גאַס־מוזיקאַנט.
פּרוּווט, זוכט אין די קוילן! דאָרט זײַנען פאַראַן
די גליִענדע אויגן פון עלנטן מאַן,
אָ, זעט ווי זיי קוקן אַרויס פון דעם זשאַר
און ווינקען: נקמה, נקמה דערפאַר!

*

אין גרענד סטריט, ניט ווײַט דאָרט פון סאָקערשטײנס סטאָר,
זיצט טעגלעך אַ בלינדער מיט גרוי־לאַנגע האָר,
גאַנץ טיף אין זײַן פּנים האָט, קענטיק, די נויט
דאָס שרעקלעכסטע אויסגעקריצט: „שענקט מיר אויף ברויט!"
ער זיצט דאָרט און שפּילט דעם גוואַלדיקסטן שמאַרץ,
דאָך זעלטן ווען רירט עס אַ מענטשלעכע האַרץ.

## דער ממזר

די חדר־קינדער ווילן זיך מיט מיר ניט שפּילן,
דער רבי שטעכט מיך דורך מיט זײַנע בליקן;
ניטאָ פֿאַר מיר קיין האָרץ מיט מענטשלעכע געפֿילן —
די בעסטע וואָלטן גערן מיך דערשטיקן...
פֿון קידוש־בעכער, ווו די קינדער אַלע זופּן,
יאָגט מיך מיט ווילדן כּעס אַוועק דער שמש —
כ׳הייס „ממזר״, טאָר צום אָרון קודש זיך ניט שטופּן,
פֿאַרשאָלטן זײַנען מײַנע ד׳ אַמות.
דער חזן טראָגט צום „לייענען״ די ספֿר־תּורה
און יעדער איינער קושט זי מיט אַ קדושה;
איך שטעל די ליפּן אויס, מען קוקט אויף מיר — אַ מורא! —
איך קער זיך אָפּ מיט ווייטיק און מיט בושה.
איך טראַכט און טראַכט, און קען מײַן חטא זיך ניט דערקלערן:
וואָס הייסט: אַ ממזר? זאָגט: פֿאַר וואָס מיך פּלאָגן?
און פֿרעג איך עס מײַן מוטער, ווײנט זי ביט׳רע טרערן,
זי קושט מיך הייס און וויל עס מיר ניט זאָגן.
פֿאַר אַנד׳רע קינדער האָט אַ טאַטע וואָס צו זאָגן
און פֿאַר אַ יתום שטעלט זיך יעדער איינער,
נאָך איך בין הפֿקר, ווי אַ בלאַט פֿון ווינט געטראָגן —
אַחוץ איין שוואַכע פֿרוי, אַ, ליבט מיך קיינער!
און ווו איז דאָך מײַן טאַטע ערגעץ הינגעקומען?
נישטאָ קיין תּירוץ פֿאַר דעם נע־ונדן.
איז ער אַוועק, האָט אים דער הימל צוגענומען?
פֿאַר וואָס זאָג איך קיין קדיש נאָך מײַן טאַטן?
נאָר פֿרעג דעם ווינט! די וועלט איז שטום צו מײַנע שמאַרצן
איך הער קיין ענטפֿער, הער קיין איינעם ריידן,
דעם אמת נאָר פֿאַרנעם איך טיף בײַ מיר אין האַרצן:
בין אומשולדיק און לײַד אומזיסטע ליידן.

# צו מיין עלנט

אָ, עלנט, דו נאָר ביסט דער איינער,
וואָס ליבט מיך פֿון מײַן ערשטער שעה,
און אויסער דיר, אָ, קען מיך קיינער,
איז גאָר קיין פֿרײַנד פֿאַר מיר נישטאָ!

אַט ווו איך ווענד זיך, טרעף איך שונאים,
פֿאַרפֿאָלגונגען פֿון יעדער זײַט;
נאָר עלנט, דו, דײַן בלייכער פּנים,
ער שמייכלט מיר צו יעדער צײַט.

מײַן עלנט, דו האָסט מיך דערצויגן,
אין וויג נאָך האָב איך דיך דערקענט:
די זעלבע מוטנע, קליינע אויגן,
די זעלבע ביינער־דאַרע הענט.

דו האָסט אין חדר מיך גענומען
און אויף דײַן האַרב געבראַכט צוריק;
אָ, דו האָסט אָפּגעפֿאַרבט די בלומען
אין פֿרילינג־מאָרגן פֿון מײַן גליק!

דו ביסט דער שדכן מיר געוועזן,
דער רבֿ אויך... האָסט האַלב פֿאַרצאָגט,
די כּתובֿה מײַנע דורכגעלעזן,
דו האָסט מיר מזל טובֿ געזאָגט.

אָ, ניין, איך דאַרף שוין מער קיין ראַיות,
דו ביסט מיר טרײַ... דו ביסט מיט מיר
נאָך מײַנע האָפֿענונג־לוויות
געגאַנגען ביז דער לעצטער טיר.

אויך איצט, ווען זיך אין צרות קוועלנד
איך בייג אין יאוש שוין מײַן קאָפּ,
מײַן אײנציקער, מײַן גוטער עלנט,
אויך איצט, אָ, לאָזסטו מיך ניט אָפּ!

איך זע דיך שטענדיק, זע דיך קומען
פֿון שיקזאַלס פֿינצטערן יאַריד
צו מיר מיט וועלקע [1] קבֿרים־בלומען,
אָ, עלנט, מיט אַ מתים־ליד.

און שלאָף איך אײַן, פֿון לעבנס־קללות
פֿאַרוויגט, דאַן קומסטו שטיל אַרײַן
מיט דײַן לינגערעס [2] שוואַרצע פֿאַלעס
און טוליעסט מיך דערינען אײַן.

ווי אַ לוין דערפֿאַר — מיר בלײַבן ברידער!
איך צאָל דיר אָפּ — מיר בלײַבן קוויט:
צו דיר נאָר ווידמ׳ איך מײַנע לידער,
מײַן קראַנקע האַרץ, מײַן שווער געמיט!...

## גרויע האָר

גרויע האָר, בית־עולם־בלומען!
איך קוק אײַך אָן און פֿיל אַ קעלט —
צו שנעל זײַט איר צו מיר געקומען,
שליחים פֿון אַ טויטער וועלט!

איר ווײַזט צו שנעל מיר מײַן פֿאַרבליִען,
מײַן זון, צו גיך ווי זי פֿאַרגייט,
דער בייזער ווינטער קומט צו ציִען,
ער האָט דעם קאָפּ מיר שוין פֿאַרשנייט.

---

[1] פֿאַרוועלקטע, פֿאַרוויאַנעטע. — [2] (פֿראַנצייזיש) נאַכטוועש.

האָב מיטלייד, ווינטער, טו דערבאַרעמען,
ניט וואַרף צו שטאַרק אויף מיר דײַן קעלט!
איך האָב קיין זאַך וואָס זאָל דערוואַרעמען
מײַן קראַנקע האַרץ אויף דער אָ וועלט.

מײַן הייסער ווונטש איז לאַנג פֿאַרפֿלויגן,
ער האָט זיך נישט פֿאַרווירקלעכט, ניין!
אומזיסט נאָר אויסגעוויינט די אויגן,
אומזיסט געבליבן הויט און ביין!

שוין פֿיל איך דעם זכרון שווינדן,
מיר בלײַבט קיין שפּור פֿון יענער צײַט,
וואָס פֿלעגט מיך ווי אַ צויבער בינדן,
צום שיינעם טרוים, וואָס איז צו ווײַט.

## ווען איך לייד

ווען איך לײַד און זע אײַך שווײַגן,
גלייב איך נאָך אַ מאָל: פֿילײַכט
פֿילט איר מיט און קענט ניט העלפֿן,
ווערט מײַן טריבער בליק נאָר פֿײַכט.

אָבער ווען איך לײַד און הער אײַך,
ווי איר טענהט מיט אַ שפּאָט
פֿון מײַן ווייטיק, פֿון מײַן עלנט,
דאַן מײַן האַרץ נאָר פֿילסטו, גאָט!

דאַן, אָ, וואָלט איך וועלן כאַפּן
אונדזער וועלט מיט מײַנע הענט
און צעטרייסלען זי ווי שמשון
האָט צעטרייסלט יענע ווענט!

פֿאַל איך איינער, פֿאַלט איר אַלע!
וואָס מיט מיר, אַט דאָס מיט אײַך!
קענען אַלע גלײַך ניט לעבן,
שטאַרבן קענען אַלע גלײַך!

## צום פֿאָלק

(סאָנעט)

מײַן פֿאָלק, וואָס נאָך קענסטו פֿון מיר פֿאַרלאַנגען?
וואָס האָב איך נאָך, וואָס איך זאָל דיר ניט געבן?
איך שענק דיר מײַנע הערצלעכסטע געזאַנגען,
מײַן קראַפֿט און מײַן נשמה, ריינע לעבן.
וואָס אין מײַן אויג איז אָפֿט אַרומגעשווומען,
וואָס אין מײַן האַרץ האָט אָפֿט געברענט ווי גלוטן,
דאָס האָב איך אין באַגײַסטערטע מינוטן
צונויפֿגעוועבט אין לעבעדיקע בלומען,
מײַן פֿאָלק, דײַן קאָפּ דיר צו באַקראַנצן,
דײַן מידן קאָפּ, וואָס קען קיין רו געפֿינען.
און איין געדאַנק נאָר האָט באַהערשט מײַן זינען:
פֿאַר דיר צו זײַן, פֿאַר דיר אַליין, אין גאַנצן.
וואָס קען איך נאָך? ווו האָב איך מער קרבנות,
אויב ליבע איז דיר קאַרג און קנאַפּ רחמנות?

# א, איך קליינע ליכטעלעך...

## דער קאַנאַריק

עס טרילערט דער קאַנאַריק
אין פֿרײַען וואַלד אַליין.
ווער קען זײַן שׂמחה פֿילן?
ווער קען זײַן פֿרייד פֿאַרשטיין?
עס טרילערט דער קאַנאַריק
אין רײַכסטן פּאַלאַץ שיין;
ווער קען זײַן ווייטיק פֿילן?
ווער קען זײַן שמאַרץ פֿאַרשטיין?

# דאָס בענקען

— ווו איך זאָל זוכן גיין אָפּרו און גליק
תּמיד קיין ציון פֿאַרבלאָנדזשעט מײַן בליק.
תּמיד אַהין, נאָך דעם הייליקן לאַנד,
ווײַזט מיר דעם וועג אַ פֿאַרבאָרגענע האַנט.
תּמיד אַהין ווײַזט זי, תּמיד אַהין,
דאָרט ווו די פּאַלמע די שלאַנקע איז גרין,
דאָרט ווו דער צעדער זײַן שאָטן צעשפּרייט,
דאָרט ווו דער אָראַנזש מיט גאָלד איז באַנייט,
דאָרט ווו די זון שײַנט מיט דאָפּלטער פּראַכט,
— דאָרט ווו דער הימל דער לויטערער לאַכט
דאָרט אַהין ציט עס מיך, דאָרט נאָר אַהין,
דאָרט נאָך מײַן ציון, אָט ווו נאָר איך בין!

אָפּט וועט דאָס האַרץ וויל מיך ברעכן פֿאַר וויי,
שׂונאים פֿאַרפֿאָלגן מיך ווו נאָר איך גיי,
— טויזנטער שרעקן פֿאַרווירן מײַן זין
טראָגט אַ געדאַנק מיך נאָך ציון אַהין.
דאָרט טרוים איך איבער מײַן טרוים פֿון דאָס נײַ,
דאָרט גיי איך ווידער מײַן יוגנט פֿאַרבײַ,
דאָרט זע איך נאָך איין מאָל בליִען מײַן פֿעלד,
טרוימען מײַן נבֿיא און קעמפֿן מײַן העלד.
דאָרט זע איך ווידער מײַן היים ווי זי לעבט,
אויך ווען דער צויבער דער זיסער פֿאַרשוועבט.
דאָרט אַהין ציט עס מיך, דאָרט נאָר אַהין,
דאָרט נאָך מײַן ציון, אָט ווו נאָר איך בין!

דאָרטן נאָך ציון נאָר גאַר איך און שטרעב,
דאָרטן נאָך ציון אַזוי לאַנג ווי איך לעב,

דאָרטן נאָך ציון, די הייליקע שטאָט,
ווו איך האָב רויִק געוווינט מיט מײַן גאָט,
ווו מיך האָט ליבלעך דער שיקזאַל געגלעט,
דאָרטן ווו איך האָב מײַן לשון גערעדט,
דאָרטן ווו די זיסע מוזיק פֿון מײַן כאָר
פֿלעגט מיך באַגײַסטערן דרײַ מאָל אין יאָר.
דאָרט ווו עס זיצט נאָך און וואַרט בײַ מײַן טיר
שטענדיק די ליבע, די אַלטע, אויף מיר —
דאָרט אַהין ציט עס מיך, דאָרט נאָר אַהין,
דאָרטן נאָך ציון, אָט ווו נאָר איך בין!

## פול מיט שטיינער...

ווו טוט מען הין די מידע ביינער?
ווו גלײַכט מען אויס דעם רוקן?
דער וועג זעט־אויס מסוכּן...
אַיעדער טריט איז פֿול מיט שטיינער...
ווהין? ווהין? דו אָר׳מער ווייַנער?

העלפֿט דעם נע־ונדן ברודער,
שטרעקט אים אויס אַ וואַר׳מע האַנט,
שטעלט זיך בײַ זײַן שיקזאַלס רודער
אין זײַן נײַעם היימאָרט־לאַנד!

ער אַנטלויפֿט פֿון טויזנט קללות,
פֿון דעם טײַוולס שוואַרצן רײַך —
העלפֿט אים פּטרן דעם גלות,
ווען ער קומט אַהער צו אײַך!

# דער אייביקער פונק

„מים רבים לא יכלו לכבות את
האהבה ונהרות לא ישטפות".
(שיר השירים, ח')

טיף אין האַרץ בײַ מיר פֿאַרבאָרגן
גליט אַ פֿונק, איך פֿיל עס קוים.
שטענדיק גליט עס, נאַכט און מאָרגן,
ווען איך וואַך און ווען איך טרוים.
אָט דער פֿונק דער קלײנער, שטילער,
גליט אין מיר פֿון קינדהייט נאָך,
קילער ווערט אַלץ און קילער,
און ער פֿינקלט, פֿינקלט דאָך.

ווען איך זע דעם ייִדנס שמאַרצן,
ווען זײַן שונא מאַכט אַ רעש,
צינדט זיך אָן דער פֿונק אין האַרצן
און ער פֿלאַקערט אין די אַש...
ער פֿאַרוואַנדלט זיך אין פֿלאַמען
און ער שרפֿעט, און ער ברענט,
און איך פֿיל, ווי אַלע ימען
וואָלטן לעשן ניט געקענט.

ווערן קלענער זײַנע ווונדן,
גיט מען אים אַ ווײַלע רו —
ווערט דער גרויסער פֿלאַם פֿאַרשוווּנדן
און איך ווייס ניט ווי און ווו...
נאָר דער פֿונק, ער פֿינקלט ווידער,
ער פֿאַרגייט ניט מיט דער צײַט —
פֿונק און פֿײַער ... ליבע ברידער,
זאָגט מיר, וואָס דער סוד באַדײַט?

# דער יידנשטאַט אָדער ייד און מענטש

אָט האָט איר אַ לידל אין ייִדישע גראַמען:
עס בינדט אונדז קיין זאַך ווי אַן אומה צוזאַמען.
מיר האָבן קיין לאַנד און מיר האָבן קיין לשון,
דער זיצט גאָר אין הודו און יענער אין בשן.
גיי, דראָטע־צונויף אַ צעבראָכענעם שאַרבן!
נאָר מילא, „קיין ייִנגערע זאָלן ניט שטאַרבן"...
מיר האָבן דעם בורא געגנוג שוין דערקוטשעט
און כלומרשט ווי אַן אומה געגנוג זיך געמוטשעט.
מען זעט דאָך, אַז אונדזער נאַציאָן איז צעריבן,
דאָך זײַנען מיר ווייניקסטנס מענטשן פֿאַרבליבן?

יאָ, מענטשן פֿאַרבליבן נאָך אַלע רדיפֿות.
איז פּראָסטע סאָלדאַטן, איז ניט מיט קיין שליפֿעס...
מיר זײַנען אַוודאי אַראָפּ פֿון אַ גדולה,
נו, מילא, פֿאַרפֿאַלן, איז ניט קיין עס סגולה,
איז ניט קיין מלמדים אין וועלטס גרויסן חדר...
מען דאַרף אונדז ניט מער, געענדיקט אַ סדר!
מען קען שוין די תורה, מען וויס שוין די חריפֿות!
וואָס טויג דאָ די גרויסקייט און פּראַווען נאָך תקיפֿות?
מיר זײַנען קיין פֿאָלק מער, עס מעג אונדז פֿאַרדריסן,
דאָך זײַנען מיר מענטשן? אָט דאָס וויל איך וויסן!

אָט דאָס וויל איך וויסן, דאָך לאָזט עס צופֿרידן!
ווו זײַנען מיר, מענטשן? ווו זײַנען מיר, ייִדן?
מיר זײַנען נישט אונטן און זײַנען נישט אויבן.
רבונו של עולם! טאָ ווי זאָל איך גלויבן,
די אומה זאָל ווידער נאָך ווערן געבוירן

פון ברואים וואָס האָבן דעם איך שוין פאַרלוירן,
וואָס ווילן מיט גוואַלד זײַן צווישן די שונאים
און האָבן קיין חרפּה, כאָטש שפּײַט זיי אין פּנים —
ווי קען אַזאַ שטאָף, אַ צעפּוילטער, צעטרענטער,
אונדז בויען אַ הייליקן, ייִדישן צענטער?

אַ ייִדישער צענטער — ווי קען עס געמאָלט זײַן?
ווי קען דאָרט אַן אָרדענונג, קען דאָרט אַ וועלט זײַן?
הכשרים און פלאָמבעס, און פעטע עליות,
רבנים וואָס טויגן זיך נאָר צו נקיות,
גבאות און פּושקעס, און פעטש פאַר אַ מפטיר,
און ציצית וואָס מעסטן זיך אויס אויפן קלאַפּטער[1],
און קללות און חרמות, און ווילדע איסורים[2],
און דעות פון פּוחזים, ריקים און בורים[3] —
איך בעט אײַך, ווי קען אַזאַ כּיתּה לצנים
אונדז בויען אַ וועלט, וואָס זאָל האָבן אַ פּנים?

אונדז בויען אַ וועלט? אָ, ניט זיי וועלן בויען!
זיי ווילן דעם הייליקן צײַטגײַסט ניט טרויען,
זיי וואַרטן, משיח זאָל דורכרײַטן זעזמער[4]
און נעמען דעם פאָלק מערידאַלנע[5] מיט כּלי־זמר...
ניט זיי וועלן בויען, ניט זיי וועלן שמידן,
ווו זײַנען זיי מענטשן, ווו זײַנען זיי ייִדן?
פאַר זיי איז אַן אָרט אָט אַוווּ נאָר זיי קומען,
אַבי נאָר אַ מנין, אַבי אַ מזומן,
אַבי נאָר אַן עירובֿ די דומהייט[6] צו טראָגן,
אַבי נאָר אַ שולכל אַוווּ זיך צו שלאָגן.

---

[1] (מאָס) עפּעס מער פון 2 מעטער. — [2] פאַרבאָטן (באַיקאָטן). — [3] גאָר־נישטן, פּוסטע קעפּ (שופטים ט׳ ד׳) און עם־הארצים. — [4] אַ קליין שטעטל, אָנגערופן ווי אַ קלינגוואָרט. — [5] (שפּעט־לשון) אַזעלכע וואָס ליידן פון מערידן. — [6] נאַרישקייט, אידיאָטסטווע.

אַבי נאָר אַ שולכל — ניט זיי וועלן ציון
די ליבע, די אַלטע דערוועקן צו בליִען,
זיי דאַרפן ניט פרײַ זײַן — געבוירענע שקלאַפן —
פאַר זיי איז אַ שמוציקע געטאָ באַשאַפן!
אָ, לאָזט זיי פאַרזינקען און בלײַבן פאַרפאַלן,
אויף זיי וועט דער מאָרגן שוין קיין מאָל ניט שטראַלן!
אין אײַך אָבער, ברידערלעך, יונגע און נײַע,
אין אײַך קען איך קניפן פיל האָפענונגען טרײַע.
הערט אויס מײַנע ווערטער, איך גיי אײַך איצט בענטשן,
צי דאָ אָדער דאָרטן — זײַט ייִדן און מענטשן!

## משה

„עלה אל הר העברים הזה הר נבו...
ומת בהר אשר אתה עלה... כי מנגד
תראה את הארץ ושמה לא תבוא".
(דברים)

נו, שטייסטו אויף דעם העכסטן באַרג פון לעבן
און זעסט פון ווײַטן יענעם ליבן אָרט.
דו זעסט, ווי לײַכטע רויזן־וואָלקנס וועבן
דעם וווּנדער־פײַנעם מאָרגן־הימל דאָרט.

דו שטייסט און זעסט די הייס־געליבטע געגנט
עס קלאַפּט דיר הויך און שטאַרק דײַן העלדן־ברוסט —
דו זעסט דאָס לאַנד, ווו גליק, ווו ברכה רעגנט,
דאָך שטאַרבסטו אין דער וויסטע מיט דײַן לוסט.

עס רײַסן דיך מיט ווייטיק די געפילן,
דײַן אויג פאַרטיפט זיך אין דער ווײַטער פּראַכט,

דו הערסט דעם כאָר פֿון די לוויִם שפּילן,
דו זעסט דעם טעמפּל, ווו די שכינה וואַכט.

דײַן ריינער בליק האָט ניט גענאַרט דײַן זינען.
ס'איז אמת, וואָס דו זעסט און האָסט געזען.
דײַן פֿאָלק וועט רו אין יענעם אָרט געפֿינען,
אַזוי זאָגט גאָט: עס וועט, עס מוז געשען.

עס מוז געשען, דאָך דו וועסט דאָ פֿאַרבלײַבן,
אין ווילדן מדבר — זע, דיר ווײַזט אַ האַנט!
אַן אַנדער פֿאַסטעך וועט דײַן שאָף פֿאַרקלײַבן
אַהין, אין יענעם אייביק־גרינעם לאַנד.

דאָך כאָטש דו קענסט מיט זיי דאָרט ניט אַריבער,
עס שלאָגט דײַן לעצטע שעה, דער וועג איז ווײַט,
דאָך בלײַבן דײַנע זיסע לערעס איבער
ביז אין דער ווײַטסטער, ווײַטסטער אייביקייט.

נו, זאָג דײַן זײַט געזונט צו יענע פּאַלמען,
געזעגן זיך מיט זיי כאָטש פֿון דער ווײַט! —
דאָרט וועט אַ זינגער נאָך אין זיסע פּסאַלמען
פֿאַראייביקן דיך ביז דער יינגסטער צײַט.

עס ווײנט דײַן פֿאָלק, ס'וועט מער קיין משה קריגן.
די פֿרײַהייט קלאָגט — דאָך איז דײַן לוין ניט קאַרג.
יאָ, אמת, אין אַ טיפֿן טאָל דאָ וועסטו ליגן,
דאָך שטאַרבן שטאַרבסטו אויף דעם העכסטן באַרג...

# ירושלים

אָ, ניין, איך קען אין פרעמדע לענדער
ניט בעטלען גיין אַ היים מיט שאַנד —
נאָך בינדן אַלטע ליבע־בענדער
מיך פעסט צו מײַן געליבטן לאַנד.

נאָך ווערן פול די מידע אויגן,
ווען איך דערמאָן מיך אין אַמאָל,
ווען איך האָב זיסע רו געזויגן
און נישט געהערט דעם טרײַבערס קול.

ווען איך האָב נישט געקענט דעם האַסער
און האָב די עלנט ניט געפילט,
ווען איך האָב בײַ דעם ירדנס וואַסער
געשטיפט, געזונגען און געשפילט.

ווען איך האָב מײַנע שאָף געפיטערט
און נעבן מיר האָט זיס און פרום
אין הייסער ליבע שטיל געציטערט
ירושלימס שענסטע בלום.

נאָך ווערט די ברוסט מיר פול מיט פריידן,
ווען איך געדענק די אַלטע צייט —
מיר דאַכט, איך הער די טויטע ריידן
צו מיר פון ווײַט, פון זייער ווײַט.

מיר דאַכט, איך הער באַקאַנטע שטימען
מיך רופן: „קום אַהיים צוריק!"
און טיף אין האַרץ פאַנגט־אָן צו גלימען [1]
אַ האָפענונג אויף אַ נײַעם גליק.

---

[1] טליִען, צינדן.

מיר דאַכט, איך זע דעם כּרמל ווידער,
דעם שרון גרינגען פון דאָס ניי,
עס שמעקט די לופט, עס קלינגען לידער —
עס קומט־צוריק מײַן ערשטער מיי...

מיר דאַכט... און כּל זמן מיר וועט דאַכטן,
וועל איך ניט אויסשטעלן מײַן האַנט
צו די וואָס קענען מיך ניט אַכטן,
און בעטן זיי אַ היים מיט שאַנד.

אָ, ניין, איך קען אין פרעמדע לענדער
ניט אומגיין זוכן אַ באַשטאַנד,
נאָך בינדן אַלטע ליבע־בענדער
מיך פעסט צו מײַן געליבטן לאַנד.

## ציון

גייט־אויף די זון מיט זיסער פרייד,
מוז איך אין דיר געדענקען,
און גייט זי אונטער, טיפע לייד
באַפאַלט מיך — אַ טיף בענקען.

אין מזרח איז מײַן געווען,
אין מערבֿ איז מײַן גלות,
ד׳רום פרייט דאָס מיך פאַרשפּרייט צו זען
דעם מאָרגנס גאָלד׳נע פּאָלעס.

ד׳רום ווין איך, ווען עס גייט־אַוועק
דער טאָג אויף טונק׳לע וועגן
און פון דער ווײַטן ווינקט מיט שרעק
די שוואַרצע נאַכט אַנטקעגן.




מיטן פּנים צו ציון, געצ׳ אפרים משה ליליען

# די חנוכה-ליכט

אָ, איר קליינע ליכטעלעך!
איר דערציילט געשיכטעלעך,
מעשׂהלעך אָן צאָל,
איר דערציילט פֿון בלוטיקייט
בריהשאַפֿט און מוטיקייט,
וווּנדער פֿון אַמאָל.

ווען איך זע אײַך שמינקלענדיק,
קומט אַ חלום פֿינקלענדיק;
רעדט אַן אַלטער טרוים:
„ייִד, דו האָסט געקריגט אַמאָל,
ייִד, דו האָסט געזיגט אַמאָל“...
גאָט, דאָס גלייבט זיך קוים!

„ס'איז בײַ דיר אַ טאָלק געווען,
ביסט אַמאָל אַ פֿאָלק געווען,
האָסט אַמאָל רעגירט:
האָסט אַמאָל אַ לאַנד געהאַט,
האָסט אַמאָל אַ האַנט געהאַט“...
אַך, ווי טיף דאָס רירט!

אָ, איר קליינע ליכטעלעך!
אײַערע געשיכטעלעך
וועקן־אויף מײַן פּײַן;
טיף אין האַרץ באַוועגט עס זיך
און מיט טרערן פֿרעגט עס זיך:
וואָס וועט איצטער זײַן?...

*

ניט אייביק זײַנען מיר, ווי הײַנט,
געווען אַ פֿאָלק, וואָס קען נאָר קלאָגן;
**מיר האָבן אויך אַ מאָל דעם פֿײַנד**
געוויזן, אַז מיר קענען שלאָגן.

מיר האָבן אויך מיט העלדישקייט,
מיט טיגערמוט, פֿאַר אונדזער גלויבן,
געוואָרפֿן זיך אין גרעסטן שטרײַט
און הויך די פֿאָן פֿון זיג דערהויבן.




נאָר דורות זײַנען זייער פֿיל
אַוועק, פֿאַרגאַנגען זײַנען יאָרן —
מיר זײַנען שוואַך געוואָרן, שטיל,
דעם אַלטן ריזנמוט פֿאַרלאָרן.

פֿאַרלאָרן האָבן מיר דעם מוט
אין גלות צווישן די רשעים
דאָך איז פֿאַראַרבט אין אונדזער בלוט
דאָס פֿײַער פֿון די חשמונאים.

און כאָטש עס האָבן שטאַרקע הענט
מיט דרעשערס אונדזער לײַב געדראָשן,

דאָך יענער אַלטער פֿײַער ברענט —
אים האָט דער בלוט־ים ניט פֿאַרלאָשן.

יאָ, אמת, טיף איז אונדזער פֿאַל,
מיר זײַנען קערפּערלעך נאָר פֿליגן,
דאָך לעבט אין אונדז איין אידעאַל,
דעם קענט איר, פֿעלקער, ניט באַזיגן!

## דער יידישער מײַ

ווידער איז דער מײַ געקומען
מיט זײַן צויבער, מיט זײַן פּראַכט —
אַלע גראָזן, אַלע בלומען
האָבן ווידער אויפֿגעוואַכט.
ווידער גרינט עס אין די וועלדער,
ווידער בליט עס אויף די פֿעלדער,
ווידער גלאַנצט עס איבעראַל,
ווידער זינגט די נאַכטיגאַל.

ווידער נעמט דער פֿרילינג מאָלן
מיט זײַן פּענדזל; ווי ער שמירט,
ווערן בערגער, ווערן טאָלן,
ווערט די ערד מיט גרין פֿאַרצירט.
ווידער לאַכט די זון אַרונטער
צו דער וועלט און מאַכט זי מונטער:
מיט איר שמייכל, מיט איר קוש
מאַכט זי גרייט זי צום גענוס...

*

גלײַך פֿאַנגט־אָן צו גרינען, בליען
יעדעס מענטשלעכע געפֿיל,
וווּנדער־שיינע פֿאַנטאַזיען

ציִען דורכן האַרצן שטיל.
גאָלדענע חלומות שוועבן
און זיי וועבן
נײַע הימלען,
און זיי וועקן
אַ נײַ לעבן,
און עס קלעקן
טויזנט גליקן,
יעדע זעל אויף צו דערקוויקן.

*

דאָך איר זעט דאָרט איינעם טרעטן
קוקנדיק צו דר׳ערד אַראָפּ?
אויף די גרינע מײַ־טאָפּעטן
זיפֿצט ער שאָקלענדיק דעם קאָפּ.

איינזאַם מיט זײַן שווערן קומער [1]
גייט ער אָפּגעלעבט און מיד —
זײַן געשמאַקער מײַ, זײַן זומער
האָבן לאַנג שוין, לאַנג פֿאַרבליט!

ווייסט איר, קענט איר יענעם קראַנקן,
וועלכער גייט ווי אַלצדינג בליט,
מיט די שרעקלעכע געדאַנקען
און אַ שטורמישן געמיט?
אונדזער אַלטער, אונדזער ייִד!
גאָר קיין זיסע פֿאַנטאַזיִען
און קיין האָפֿענונג אין זײַן בליק:
דורך זײַן האַרצן
ציִען שמאַרצן,

[1] אומעט, האַרצווייטיק.

אַלטע ווונדן
צוגעבונדן
מיט דערײַנערונגען אַלטע —
מתים, מתים, טרופּעס [2] קאַלטע,
אַלטע יוגנט, אַלטע גליק.

יעדע בלום און יעדער דאָרן
טרײַבט מיט אים אַ ווילדן שפּאַס:
דער סטאַבון [3] קוקט־אָן מיט צאָרן
און די קראָ — זי שרײַט מיט כּעס.
פֿרעמד די בלומען, פֿרעמד די בלעטער,
פֿרעמד די וועלט, אַ פֿרעמדער מײַ!
פֿרעמדע פֿייגל, פֿרעמדע געטער,
פֿרעמדע מענטשן — אַלץ פֿאַרבײַ!...

*

לאַכט ניט בלומען, נאָר ניט שפּעטן!
איר זײַט שיין — געוויס, געוויס!
דאָך פֿיל שענערע צעטרעטן
האָט דער ייִד מיט זײַנע פֿיס...
פֿעלדער פֿול מיט פּאָמעראַנצן
האָבן אין זײַן לאַנד געגלאַנצט,
זײַנע ווונדער־שיינע פֿלאַנצן
האָט זײַן גאָט אַליין פֿאַרפֿלאַנצט...

פֿרעגט די צעדערן פֿון לבֿנון,
פֿרעגט דעם שרונס גרינע מירט,
אָ, זיי וועלן נאָך דערקאַנען
זייער אָפּגעלעבטן ווירט.
פֿרעגט דעם שיינעם הר הזיתים,

[2] (רוסיציזם) מתים. — [3] געוויקס וואָס וואַקסט נישט־נאָרמאַל.

פרעגט דעם כרמל — יעדן בוים —
פרעגט די אַלע שיינע מתים
אויף דעם שיינעם, אַלטן טרוים...

אין זײַן הייליקער מדינה
האָט גן־עדן־לופט געשמעקט,
אין זײַן טעמפל האָט די שכינה
שטענדיק זיך צו אים אַנטפלעקט.
טויזנט ענגל [4] פלעגן שפּילן
אין זײַן הייליקן געצעלט,
טויזנט פריידן פלעגט ער פילן,
פריידן פון אַן אַנדער וועלט.

דאָרטן האָט אַמאָל דאָס יידל
פון אַ וווּנדער־רײַכער פידל
אויסגעקוועטשט די שענסטע לידער,
וועלכע קלינגען קיין מאָל ווידער
מיט דעם זעלבן זיסן צויבער —
ריין און הייליק, ריין און זויבער —
אויף אַ ווערבע, אויף אַ שטומער,
הענגט דער חלום פון מײַן אומה...

*

יאָ, אַוועק איז יענער חלום,
דאָך דיר חלומט פון דאָס נײַ —
הערסטו יידן? פון ווײַטנס „שלום!"
רופט צו דיר אַ נײַער מײַ.
וויין ניט, ביסט נאָך ניט פאַרלאָרן,
כאָטש דו ביסט פון לײַדן מיד,
נײַע יאָרן, גוטע יאָרן

[4] (ד׳) מלאָכים.

**ווינקען שוין צו דיר, מײַן ייִד!**
**הערסטו דורך די וואָלקנס ציִען**
**הימל־רײַכע מעלאָדיִען,**
זיסע כּרובֿים־האַרמאָניִען?
**הערסטו, הערסט דאָס נײַע ליד?**

**ווידער וועט דײַן אתרוג שמעקן,**
גלאַנצן וועט דײַן אַפּעלסין;
**ווידער וועט זיך גאָט דערוועקן**
**און וועט ברענגען דיך אַהין...**
**זינגען וועסטו הירטנלידער** [5]
פּאַשענדיק נאָך דײַנע שאָף;
**לעבן וועסטו, לעבן ווידער,**
**לעבן אייביק, אָן אַ סוף.**
**נאָך דײַן שרעקלעכער נסיעה**
**וועסטו אָטעמען מיט לוסט —**
**אין דעם שטומען באַרג מוריה**
**קלאַפּט עס נאָך אַ העלדנברוסט...**

קיינער וועט דיר מער ניט טרײַבן
מיט זילזולים אָן אַ צאָל;
**אין דער היים וועסטו פֿאַרבלײַבן,**
**שטיל און רויִק ווי אַמאָל.**
טרעט־פֿונאַנדער נאָר די סטעזשקע [6]
פֿון דײַן אַלטן פּאַטערלאַנד,
**ס'גליט נאָך דאָרט אין האַלאָוועשקע** [7]
**בײַ דער אײַנגעפֿאַל'נער וואַנט!...**

---

[5] פּאַסטעכער־געזאַנגען. — [6] שמאָלער וועג. — [7] האָלץ פֿאַרוואַנדלט אין קויל.

## ייִדיש

עס קלאָגן מאַנכע גראַמען־פֿלעכטערס,
אַז אונדזער לשון איז אַ שלעכטער;
אַז ייִדיש איז צו פּראָסט, צו טרוקן,
עס האָט קיין בלומען און קיין פֿאַרבן,
און קראַצט די זעל גאָר ווי אַ שאַרבן,
און איז פֿאַרזויערט און מסוכּן.

עס פֿעלט אונדז, זאָגן זיי, דאָס שיינע,
דאָס אייד׳לע וואָרט, דאָס זאַנפֿטע, ריינע,
און דאָס באַשרענקט זיי די געזאַנגען...
עס האָט נאָר ראַפּניקעס [1] צו רייַסן,
נאָר ריטער, זאָגן זיי, צו שמייַסן,
און ניט קיין האַרצעדיקע קלאַנגען.

אָ, וויי, די וועלט גאָך צו פֿאַרבלענדן,
די מוטערשפּראַך גאָר פּרעך צו שענדן
און זיך פֿאַרטיידיקן דורך ליגן!
אָ, ייִדיש, דו, מייַן בעסטער חלק,
ווי ביסטו רייַך, ווי ביסטו הייליק!
וואָס קען איך ניט מיט דיר באַזיגן?

די שענסטע בלום פֿון אַלע טאָלן,
מיר פֿעלט קיין פֿאַרבן זי צו מאָלן,
אָ, מערקט דאָס אייַך, איר, גייַסטער פֿלאַכ׳!

---

[1] קאַנטשיק פון איין לעדערל (קיילעכיק ווי אַ שטריק און ווי אַ גומע) צו שמייסן.

און קוים זאָל זיך מײַן האַרץ פֿאַרליבן,
מײַן ליבע װאָלט ניט שטום געבליבן,
דען הימלגרויס איז מיר מײַן שפּראַך!

דאָס לעבן קען קײן זאַך מיר ברענגען,
איך זאָל ניט קענען דאָס באַזינגען.
מײַן שפּראַך איז ברייט װי אַלע ימען
און שיין װי מײַ אין פֿולן בליִען.
איך זינג און מײַנע לידער גליִען
אין טויזנט־פֿאַרבעדיקע פֿלאַמען.

## שפּראַך

װאָס זשע קימערט[1] מיך אַ שפּראַך,
װאָס זשע לוינט דאָס פּשטלען,
װען מיר מוזן קראַנק און שװאַך
גיין בײַ שונאים בעטלען?

אַך, די בעטלשפּראַך איז טויט,
מעג זי זײַן פֿון בלומען,
קען זי דאַך אין שאַנד און נויט
צו איר שטאָלץ ניט קומען!

„שפּראַך" מיר ניט, אָ, לאָז דאָס גיין,
פֿאָלק מיט װיי באַלאָדן!
יעדע פּלוידערײַ איז שיין
אויף איר אייג'נעם באָדן...

---

[1] אַרט, פֿאַרשאַפֿט עגמת־נפש.

# אונדזער שיף

גאַר פֿיל שיפֿן גייען־אונטער
און דערגרייכן ניט דעם ברעג,
אונדזער שיף גייט שטאָלץ און זיכער,
כאָטש געפֿערלעך איז איר וועג.
זי לאַכט־אויס די גרעסטע שטורעמס
און די ימים ווילד און טיף,
אונדזער שיף איז פֿעסט און אייביק:
אונדזער שיף, די שטאַרקע שיף.

מוזיק — עמנואל בארקאן



אָ, עס האָט אויף אַלע ימים
אונדזער שיף זיך שוין געגליטשט:
אויף דעם רויטן, אויף דעם טויטן,
אויף דעם שוואַרצן פֿאָרט זי איצט.
יעדע כוואַליע האָט געפּאַטשט איר
און געטאָן מיט איר אַ שטיף,
דאָך זי גייט בשלום ווײַטער,
אונדזער שיף, די אַלטע שיף.

ניט קיין קריגשיף איז זי, ברידער,
ניט קיין פאַנצערשיף, אָ, ניין!
דאָך אַנטקעגן גרעסטן פייער
קען זי פריי און זיכער גיין.
פרעגט ניט ווי, עס איז אוממעגלעך
זיך צו מאַכן אַ באַגריף —
אונדזער שיף איז איין־און־איינציק,
אונדזער שיף, די שטילע שיף.

דאָך ניט ווונדערט, וואָס פאַר איר איז
קיין סכּנות ניט פאַראַן;
אַ געניטער און געשיקטער
איז איר אַלטער קאַפּיטאַן.
אָ, ער קען אַ יעדעס וואַסער,
מיטן נאָמען יעדן טריף[1]!
ער איז מייסטער אויף די ימים,
קאַפּיטאַן אויף אונדזער שיף.

און עס וועט שוין לאַנג ניט נעמען,
און ער ברענגט זי אויף אַן אָרט,
דען שוין יאָרן, לאַנגע יאָרן,
ווי זי פאָרט נאָר און זי פאָרט.
איצט, אָ, ענדיקט זיך דאָס וואַסער
און דעם שטורעמס ווילדער שטיף,
און עס רוט אויך ענדלעך, ענדלעך
אונדזער אַלטע וואַנדערשיף.

[1] אויסגוס, אַרײַנפאַר (אין ים),

## יהודה המכבי

אין האַרץ די ליבע צו זײַן בורא,
אין האַנט די שווערד, טרעט־אויף אין פֿעלד,
זײַן פֿאָלק צו רעטן און זײַן תּורה,
ירושלימס לעצטער העלד.
געשטיצט אויף גאָט, דעם גאָט פֿון גבֿורה,
מאַרשירט ער קעגן שונאס מאַכט,
ער קוקט מיט שפּאָט דעם טויט אין צורה
און ציט מיט זיכערקייט אין שלאַכט.
מיט חוצפּה פֿון אַ ווילדן טיגער,
מיט שטאַרקייט פֿון אַ יונגן לייב,
דערשײַנט אין פֿעלד ער צווישן קריגערס,
דערלאַנגט יהודה זיך אַ הייב.
אַט ברומט דער פֿײַנד פֿון אַלע זײַטן,
חיילות פֿיל, ווי זאַמד און ערד,
פֿון נאָענטן קומען זיי און ווײַטן,
צו פֿוסן און אויף שטאַרקע פֿערד.
דאָך שלאָגט דער העלד דורך ווײַטע מײַלן
זיך דורך און שנײַדט דעם פֿײַנד צו דר׳ערד,
דורך וואָלקנס שטויב און ימים פֿײַלן
בליצט־דורך יהודהס שאַרפֿע שווערד...
גיבורים שטוינען פֿאַר זײַן ליאַרעם,
אויף גאַנצע מחנות פֿאַלט אַ שרעק,
די ליבע מאַכט דעם האַס אים וואַרעם
און זײַן נקמה האָט קיין פֿלעק.
נו, ליגט דער שונא פֿון די ייִדן,
און ער, דער פֿרומער פֿעכטער, רוט.
דער קאַמף איז אויס. דער זיג אַנטשידן.
גערעכנט איז ישׂראל בלוט...

# דער „פתח" מיטן „קמץ" אָדער ליטוואַק און דייטש *

דער פתח מיטן קמץ
גייען מאַכן שלום —
אָ, ווײַז דײַן חסד, טאַטע,
קלײַב־אויף די נע־ונדע,
פֿאַרווירקלעך אונדזער חלום!

דער קמץ מיטן פתח
גייען שליסן פֿרידן —
אָ, גאָט, באַווײַז דײַן ווונדער:
ניט לאָז אונדז גיין באַזונדער
און ברענג־צוזאַמען ייִדן!

דער פתח מיטן קמץ
קומען זיך פֿאַרטראָגן...
אָ, חיריק און מלופם,
גענוג זיך אויך צו שטופּן
און הערט זיך אויף צו שלאָגן!

איר זײַט נקודות אַלע,
קליינע פּינטעלעך, שטילע,
דאָך הויך און שטאַרק, און מעכטיק,
און הייליק, שיין און פּרעכטיק,
אין אַחדות — גרויסע תּפֿילה...

* צו דער געלעגנהייט פון אַ פאַראייניקונג צווישן די ניו־יאָרקער רוסישע ייִדן און דייטשישע יאַהודים.

# אם בין איך...



פון אפרים משה ליליענס אילוסטראַציעס צו ראָזענפעלדס לידער

## פאַטאַמאָרגאַנאַ

אין סאַהאַראַ, ווען מען וואַנדערט
אין דעם הייסן מדבר־זאַמד,
ווערט מען פּלוצלינג שטאַרק פאַרווונדערט
זעענדיק באַווינטעס לאַנד.

פּראַכט־געביידעס, זילבער־טייכן,
גערטנער פול מיט גלאַנץ און פּראַכט,
צווייגן רייך מיט גאָלד'נע פּירות
און אַיעדע פּרי [1] לאַכט.

לעמער שפּרינגען אויף די לאַנקעס
און דעם פאַסטעך זעט מען קלאָר,
און מען ווערט אַנטציקט פון תענוג,
און מען מיינט, אַז אַלץ איז וואָר.

אָבער, אַך! דאָס איז אַ ליגן,
אַ נאַטורבלענד, און ניט מער.
ס'איז אַ וויסטעניש, אַ ווילד'ניש.
— און ווי קומט אַ וועלט אַהער?

פּונקט אַזוי אין לעבנס־מדבר
טרעף איך פּלוצלינג אָן דיין בליק,
און ער ווייזט מיר־גאָלד'נע שלעסער,
און איך ווער אַנטציקט פון גליק.

אָבער, אַך! דאָס איז ניט אמת.
און עס גיט אין האַרץ אַ ריס.
ס'איז אַ בלענדבילד — און איך בלאָנדזשע
איינזאַם אין דער ווילדעניש.

## היעראָגליפן

מײַן בליק פֿאַרטשעפּעט זיך בײַ איר אין פֿענצטער:
פֿילײַכט אַ ליבער ווונק, אַ זיסער שמייכל?
דאָך פּערל־היעראָגליפֿן אויף די שויבן —
עס האָט דער רעגן דאָרט אַ סוד פֿאַרשריבן...
אַנטציפֿער זיך, דו, ליבעס סוד!

וואָס טוט מײַן ווײַסע האַרצנס פֿירשטין איצטער?
זאָג! קאָמט זי ניט די שוואַרצע שטראָלן
אַרום איר זוניק, ליכטיק פּנים?
מײַן נשמה איז איר קאָם...
פֿאַרשפּיליעט זי ניט איצט איר בוזעם
מיט קליינע מוטערפּערלנע שטערן?
דאָס זײַנען מײַנע טרערן...

זאָג! הויכן ניט די רויזן אירע
פֿאַרפֿיומיק דורכן שלאָף מײַן נאָמען?
דאָס איז מײַן חלום...

זאָג! ליגט זי ניט אין שטילן, טונק׳לען קבֿר,
אויף דעם בית־עולם פֿון מײַן יוגנטס האָפֿענונג,
באַוואַקסן מיט רויטע און בלויע בלימעלעך?

מײַנע לידער!
אַנטציפֿער זיך, דו, ליבעס סוד!

## זי לאַכט

איך פֿרעג איר: זאָג דאָס וואָרט, מײַן גאָלד,
זאָג, מעג איך האָפֿן? האָסט מיך האָלד?
זי ענטפֿערט ניט. זי שווײַגט. זי טראַכט.
באַטראַכט מיך שעלמיש און זי לאַכט.

זאָג, בעט איך זי צום לעצטן מאָל,
זאָג, ליבסטו מיך? דו, ווײַב פֿון שטאָל,
זאָג, מעג איך וואַרטן שוין? זי טראַכט.
זי ענטפֿערט ניט. זי שווײַגט. זי לאַכט.

זאָג, ווער איך בייז, אַרויס מיט רייד!
האָסטו פֿאַר מיר קיין טראָפּן פֿרייד?
זע, וואָס דו האָסט פֿון מיר געמאַכט!
זי דריקט מיך צו איר ברוסט און לאַכט.

## שטענדיק ביי דיר

איך ווער פֿאַרלוירן אין מיטן דרינענען,
איך זוך און קען זיך ניט געפֿינען:
אָט בין איך בײַ איר אין אַ שיכל,
אָט בין איך בײַ איר אין אַ טיכל,
אָט בין איך בײַ איר אין די צעפּ גאָר,
אָט בין איך בײַ איר אין דער שלעפּ גאָר,
אָט גאָר אין איר פֿאַרטוך באַהאַלטן,
אָט גאָר אין איר האַרצן דעם קאַלטן,
אָט פֿעל איך, און בין גאָר סך־הכּל
באַהאַלטן בײַ איר אין דעם יאַקל,
אָט גאָר אין אַן אויג, אַ חן־גריבל,
מיט איר אויף דער גאַס און אין שטיבל,
אָט בין איך בײַ איר אין אַ שמייכל —
מיט איין וואָרט — נאָר זי איז מײַן היכל.
אָ, צײַט איך קען זי בין איך... איך ניט,
קיין מאָל אין דער היים און בײַ זיך ניט...

## מיין רויז איז אַליין

אַ סאַמעטן ווינטעלע לאַשטשעט די פעלדער
אין פאַרביקן חן.
אַן אָטעם אַ מילדער ווי קטורת צעלאָזט זיך,
מײַן רויז איז אַליין.

עס ציטערן די זײַדענע שאָטנס און ציטערן
אויף טוי טראָפּנס קליין.
אין קלאָרוויַסע שלייערס שפּאַצירט די לבֿנה,
מײַן רויז איז אַליין.

ווי זילבערנע גלעקעלעך קלינגט אין די ביימער
אַ פויגלס געוויין.
עס מורמלט דער איינזאַמער גײַסט פון די וועלדער,
מײַן רויז איז אַליין.

## איך רוף דיך גאָר נישט

איך זאָג: „מײַן גאָלד, איך האָב דיך האָלדז!“,
דאַן קוקסטו זיך אַרום.
דו זעסט אויף זיך קיין ברעקל גאָלד
און מאַכסט דײַן מינע קרום:

— דו רעדסט פון גאָלד, ס'איז אַן אַ קלער
אַ גוטע זאַך, דו, יאָלד!
דו רעדסט דערפון, טאָ גיב אַהער,
יאָ, גיב אַהער דאָס גאָלד!

איך וואָלט דיך רופן: „מײַן בריליאַנט!“,
איז דאָ אַ גרויסער שטער:
מיר איז דײַן אַרגומענט באַקאַנט,
איך רוף דיך גאָר נישט מער...

# וואָלט וויטמאַן

אָ, דו, אין וועמעס שטאַרקער זינגערברוסט
עס האָבן זיך צוויי אָפּגרונטן פאַראייניקט:
די טיפקייט פון פאַרקלערטן הימל און
די שטיל פאַרוויגטע טיפקייט פון דער ערד;
אין וועמעס האַרץ עס האָט געשײַנט די זון
און די לבֿנה, ווו עס האָבן העל געגלאַנצט
די שטערן, גאַנצע וועלטן אָן אַ צאָל,
אין וועמעס האַרץ עס האָט געגרינט דער מײַ
און ווו דעם דונערס ברום האָט זיך צעמישט
מיט דעם געטשוויטשער פון דער נאַכטיגאַל;
אין וועמעס וווּנדער שטאַרקן ליד מען פילט
די אַלמאַכט און די קראַפט פון דער נאַטור —
פראָפעט, אומשטערבלעכער, איך גיב דיר לויב,
איך פאַל אין שטויב איצט פאַר דײַן שטויב און זינג!

# אין זיין האַנט

געקימערט און צעטראָגן בלײַב איך שטיין,
ווו אַלע וועגן טיילן זיך פונאַנדער.
פון אויבן, הער איך, שרײַט אַ שטימע: „וואַנדער!"
דאָך, גרויסער גאָט, איך וויים ניט ווו צו גיין.

עס קלאַפט דאָס האַרץ פאַר אויפרעגונג און שרעק,
פאַר גרויל און צוויפל גייען-אויס די קרעפטן,
די מידע פיס צום קאַלטן באָדן העפטן,
נאָר די געדאַנקען שוועבן ווײַט אַוועק.

איך פאַלג דיר, מײַן געביטער און מײַן האַר:
איך גיי, ווײַל איך קען לענגער שטיין ניט בלײַבן,
דו וועסט געוויס מיך ניט אין אומגליק טרײַבן,
ניט לענקען מײַנע טריט מיר צו געפאַר.

## עס איז געשען

דו ליבסט מיך ניט, דו ליבסט מיך ניט,
איך זע, עס איז געשען,
דו ליבסט מיך ניט, דו ליבסט מיך ניט
און ווילסט מיך מער ניט זען.

דו האָסט געדראָעט און האָסט געדראָעט,
איך האָב געמיינט, דו שפּאַסט,
דו האָסט געדראָעט און האָסט געדראָעט,
און ענדלעך מיך פֿאַרהאַסט.

## ווי שווער

ווי שווער עס איז אין כּעס צו ווערן
אויף דעם וואָס דו האָסט האַרציק געגרן!
ווי שווער עס איז גאָר צו פֿאַרדאַמען
אַט דעם וואָס דײַנע ליבע־פֿלאַמען
פֿאַר אים נאָר טיף אין בוזעם שלאָגן!
ווי שווער עס איז אים האַרב צו זאָגן:
„איך האָב דיך פֿײַנד, דו, פֿאַלש ווען,
ווי ווערט מען פֿאַרט פֿון דיר געגעזן?“

דאָך, פֿאַלשע, מוז איך דיר דאָס זאָגן,
איך קען דאָס לענגער שוין ניט טראָגן.

# די כלה פון די בערג

אויף די אַלעגיינע־בערגער [1]
זעט זיך אַ רויִנע,
דאָרטן ליגט אַן אײַנגעפאַל'נע,
אַלטע קוילן־מינע.

און ניט ווײַט פון דער אַ חורבֿה,
איינזאַם און פאַרלאָזן,
שטייט אַ שטיבעלע אַ קליינע
צווישן ווילדע גראָזן.

דאָרטן פלעגט דער אַלטער בערגמאַן
רו בײַ נאַכט געפינען;
דאָרטן פלעגן זיפצן קלינגען,
שטילע טרערן רינען.

דאָך די וויסטע קוילן־מינע —
דאָרט איז בלוט געפלאָסן;
אונטן ליגט דער גוטער אַלטער
און זײַן טאָכטערס חתן.

און זײַן פרומע, שיינע טאָכטער
אַך, וואָס קען זײַן ערגער? —
וואַנדלט מיט אַ גײַסט אַ קראַנקן
אויף די שטומע בערגער.

איינזאַם לעבט זי צווישן שטיינער,
אָן אַ טרייסט, אָן האָפן;
שפעט בײַ נאַכט נאָר אויף דער מינע
ווערט זי שטיל אַנטשלאָפן.

---

[1] די אַלעגיינע בערג געפינען זיך אין פענסילוואַניע און ווירדזשיניע שטאַטן און זיינען זייער רייך אין קוילן־מינעס.

דאַך ווי גיך זי שלאָפֿט נאָר אײַן דאָרט,
שפּילן די כּלי־זמרים,
און איר טאַטע און איר חתן
עפֿענען די קבֿרים.

און מיט זיי די בערגלײַט אַלע,
אַלע מיט געזאַנגען —
און ניט ווײַט דאָרט פֿון דעם קלויסטער
הערט מען דומפּע קלאַנגען.

שטום אַנטשוויגן, ווי דער קבֿר,
שוואַרץ און בלוט באַגאָסן,
נעמט אין אָרעם זײַן געליבטע
דער פֿאַרקילטער חתן.

גלײַך טרעט־צו דער אַלטער טאַטע,
דורכגעבערענט מיט ווונדן,
וויינט און בענטשט די קינדער זײַנע,
זיפֿצט און ווערט פֿאַרשוווּנדן.

דאָ פֿאַרשטומען די כּלי־זמרים
און די גלאָקן אַלע,
אַלץ פֿאַרשווינדט און שווײַגט, עס בלײַבן
נאָר די חתן־כּלה.

און זיי בלײַבן און זיי טאַנצן
רויִק, קיינער שטערט ניט,
ביז עס גיט אַ ווונק פֿון ערגעץ,
און דער חתן ווערט ניט.

דאָ שפּרינגט־אויף דעם טויטנס כּלה:
— „אָ, די מענטשן־שעכטער!"
און פֿאַרשווינדט אין די בערגער
מיט אַ ווילד געלעכטער.

# האַרבסט-בלעטלעך

— I —

איינזאַם זיץ איך, ווי געפאַנגען
פון אַ זעלטענעם געפיל:
עפּעס האָב איך יאָ פאַרלאַנגען,
דאָך איך ווייס ניט, וואָס איך וויל.

זײַנען פריידן, זײַנען ליידן
ערגעץ ווו פאַר מיר באַשטעלט?
קראַנק איז איינער פון אונדז ביידן —
זאָגט: בין איך עס צי די וועלט?

שעהען קומען און פאַררינען —
נײַע, נײַע קומען־צו;
דאָך קיין איינע ברענגט מײַן זינען
און מײַן קראַנקן בוזעם רו.

וויינען מוז איך, קען ניט ריידן,
קען ניט וויסן, וואָס מיר פעלט.
קראַנק איז איינער פון אונדז ביידן —
זאָגט: בין איך עס צי די וועלט?

— II —

איך ליב דעם ווינט, איך ליב דעם ים,
דען ווי דער ערשטער בין איך עלנט
און ווי דער צווייטער רוישט מײַן האַרץ.

איך ליב די וואָלקנס, ליב די נאַכט,
דען ווי די ערשטע קען איך וויינען
און ווי די צווייטע איז מײַן וועלט.

## דער לאַטוטיס [1] אָדער דער לומפּנשניידער

(פאָלעמיש)

שנײַדער בין איך און וועל שנײַדן
שטענדיק מער און מער.
ווײ דעם וואָס וועט מוזן לײַדן
פון מײַן שאַרפער שער.
שנײַדן וועט עס אײַך און קלעמען,
קלעמען פון דאָס נײַ.
ציטערט, דען איך וועל זיך נעמען
צו דער שנײַדערײַ!

וועט מײַן שער ניט שנײַדן קענען,
גליט מײַן אײַזן רויט.
איך וועל פּרעסן, איך וועל ברענען,
ברענען אײַך צום טויט.
וועט די צײַט מײַן אײַזן קילן,
גילט מײַן נאָדל נאָך,
און איר זאָלט אויך ענדלעך פילן
ביז צום ביין מײַן שטאָך.

איך בין אַ „לאַטוטיס", ניקסען [2]
זײַט איר — דאָס איז וואָר!
גאַנצע האָב איך ניט צו פיקסען [3],
לומפּן פיקס איך נאָר.
אַלזוי, שטומט אין אײַ'רע זומפּען,
שמי'רערס פון באַטרוג,
דען צו שנײַדן אײַך, איר, לומפּען,
בין איך גוט גענוג.

---

[1] לאַטוטניק, לאַטע־לייגער. — [2] גאָרנישטן (ניקס). — [3] פאַרריכטן, כאַפּן, פאַקן, ליקווידירן.

## דער לייב און די מויז

(פּאַלעמישס)

האָט איר אַ מאָל, געזען דעם שטאַרקן לייב,
ווען ער דערלאַנגט זײַן שטאָלצן קאָפּ אַ הייב,
אַ טרייסל מיט דער גריווע און אַ ברום?
דער וואַלד דערשרעקט זיך און די ערד אַרום.
דער טיגער בלײַבט פּאַרבליפּט, דער לעמפּערט שטומט.
די אײַזערנע גאָרילע בלײַבט פּאַרמומט.
פּאַרצאַפּלט ווערט פּאַר שרעק דער ווילדער שווײַן.
די שלאַנג קריכט ווידער אין איר לאָך אַרײַן.
דער בער האָט מורא נאָך זײַן רויב צו גיין,
דער בייזער וואָלף באַהאַלט די שאַרפּע ציין.
איין חיהלע נאָר לאַכט פֿון לייב זיך אויס,
איין בריאהלע אַ נבֿזהדיקע[1] — די מויז.

זי רעדט זיך שפּעטנדיק און פֿריילעך
פֿון וואַלד, פֿון זײַן געקרוינטן מלך:
— איך בין דאָך נאָר אַ קליינער שרץ
אַנטקעגן אײַך, איר גרויסע חיות.
דאָך לאַך איך פֿון דעם לייבס העוויות
און האָב קיין ברעקל דרך־ארץ.
זײַן קראַפּט,
קיין האַפּט,
ניט אמת, מײַנע טרײַע שרצים,
איר ווערעם, יאַשטשערקעס און שקצים?
זײַן ברום

[1] אַן עקלהאַפּטע, אַן אָפּשטויסנדיקע.

איז דום,
ווי קען ער זיך צו מיר פאַרגלייכן?
ער קוקט מיך אָן און מוז מיך וויַיכן.

דאָך ווען דער פוקס איז גראָד דערביי
און הערט דער נבֿזהס קוויטשעריי,
דאַן גיט ער פריילעך זיך אַ לאַך
און זאָגט איר אויס די גאַנצע זאַך:
— ווי זיכער ביסטו, מיַיזל, אין דיַין זיג!
דען ווער וועט עס מיט דיר גיין פירן קריג?
דו מעגסט באַלײדיקן דעם לייב אַליין,
ער וועט געוויס מיט דיר אין קאַמף ניט גיין.
מלחמה האַלטן מיט אַ מויז — צו וואָס?
דו זידלסט — נו, ווער האָט דערפון פאַרדראָס?
ביסט גליקלעך, מויז, דיַין נישטיקייט אַ דאַנק,
דיַין קליינקייט מאַכט דיך פריַי און פראַנק.
מיט דיר צו שטעלן גליַיך זיך אויפן פלאַץ
איז טאַקע נאָר אַן עסק פאַר דער קאַץ.

## דער קאַלוואַריער דאַטש [1]

איך בין אין קאַלוואַריע געבאָרן,
ניט וויַיט פון דער שוסטערשער שול,
איך בין דאָרט אַ שוסטער געוואָרן
איך האָב דאָרט געהיט מיַין קאַפּול [2].

מען האָט מיך פאַרדרייט דאָרט מיט צירקען,
אַ מויד וואָס פלעגט צירעווען זעק,
דאָך איך האָב אַ כאַפּ געטאָן מירקען
און בין מיר קיין ניו־יאָרק אַוועק.

---

[1] (שפּעט־לשון) נאָכגעקרימטער דיַיטש. — [2] קאַפּיטע, אַ הילצערנע פאָרעם פון שוך.

דאָ איז אונדז געגאַנגען אין אָרדער [3],
געמאַכט די אַפּותיקה גיך.
מײַן מירקע פּלעגט האַנדלען מיט באָרדער [4]...
און איך מיט פאַרלאַטעטע שיך.

אַצינד איז מײַן מירקע אַ קיידי [5],
און איך הייס שוין בערע [6] ניט מער.
מײַן ווײַב איז געוואָרן אַ ליידי [7]
און איך בין געוואָרן אַ סער [8].

איך האַנדל שוין לאַנג מיט קיין שלאָרעס [9],
איך האָב איצט אַ סטאָר [10] אין בראָדוויי,
און רעדט מען פון גבירים, פון שׂררות,
דערמאָנט מען מיך אויך צווישן זיי.

מען קען ניט מער מירקע לײַדאַטשקע,
מען קען ניט מער בערע יונגאַטש.
מײַן ווײַב איז געוואָרן אַ דאַטשקע,
און איך בין געוואָרן אַ דאַטש.

איצט זוך איך קאַלוואַריער צו מײַדן,
איך וויל זיי בײַ מיר פאַר קיין געסט,
איך קען מער קיין ליטוואַק ניט לײַדן,
אַ רוסישער ייִד איז אַ פּעסט!

איך האַס זיי — און וואָס איז דער חידוש?
עס האָט מיר אַ טעם זייער קוואַטש!
איך קען ניט פאַרשטיין מער קיין ייִדיש,
צו מיר מוז מען שפּרעכען אין דאַטש...

---

[3] בסדר. — [4] קוואַרטיראַנט מיט פּענסיאָן, וווינען מיט עסן. — [5] אַן ענג־לישער נאָמען, צו וועלכן ייִדן האָבן זיך צוגעכאַפּט. — [6] (פּראַסטאַצקע) בערל. —[7] מאַדאַם. — [8] אַן אַריסטאָקראַט. — [9] שמאָכטעלייעס, אַבי וואָס, אַלץ וואָס מאַכט זיך. — [10] לייטיש געשעפט.

# די רעפאָרמערס

אַ נײַע שול, דער שטענדער נײַ,
גאָר שפּאָגל נײַע לידער,
דאָס ביסל ייִדיש אויסגעמעקט
אין גאַנצן פון דעם סידור.

קיין רבֿ מער, נאָר אַ פּריידיקער,
אַ וווילער יונג, אַ בחור,
וואָס שטייט זוי אַ רעפאָרמער דאַרף:
צום אָרון מיטן אָחור.

דער חזן זינגט דאָרט ניט אַליין
און האַלט זיך ניט בײַם גאָרגל.
אין שייגעץ זינגט אַדון עולם,
דער צווייטער שפּילט דעם אָרגל.

דער אָרגל און די גוי׳שע לײַט
און דער שטודירטער קאַנטער,
און פינף, זעקס שיינע שיקסעלעך —
די זאַך ווערט אינטערעסאַנטער...

דער עולם קוועלט זיך דאָרטן ניט,
מען עפנט ניט די פּיסקער,
דאָרט היט מען נאָר דאָס נייטיקסטע:
דעם קדיש און דעם יזכור...

צום סוף טרעט־אויף דער פּריידיקער
און מוסרט די קהילה,

ער דרשנט מיט אַ הוילן קאָפּ,
אַ נאַקעטן במחילה...

און ווײַל ער זאָגט אָפּט מיט אַ פּליך
גאַנץ גלאַט און פּיסקעוואַטע,
קומט־אויס זײַן פריידיק גלאַט און הויל
און מערסטנס פּליכעוואַטע...

אַ נײַע שול, דער שטענדער נײַ,
עס בליאַסקעט פאַר די אויגן.
אָט האָט איר די רעפאָרמערײַ!
און זאָגט — וואָס קען דאָס טויגן?

## ניט שטענדיק

ניט שטענדיק זיצט אַ זײַד׳נע היטל
אויף אַ קלוגן קאָפּ מיט מאַרך,
גאַנץ אָפּט איז עס אַן אָפּנאַר־מיטל
צו פאַרדעקן נאָר אַ פּאַרך...

## צדקה

בעלי־טובֿות, צדקה־געבער —
טײַער קאָסט דיר זייער געבן!
גיבן דיר אַ לעק פון צעבער,
נעמען דיר אַוועק דאָס לעבן...

פילאַנטראָפּן, זייער פליכט
טוען זיי, ווו נאָר זיי קענען;
גאָט, פאַרלעש ניט זייער ליכט —
טו אַ נס און זאָלן זיי ברענען!...

## בור און מענטש

עס האָט דער אויפגעקומ׳נער בור
די זייער העסלעכע נאַטור
צו לייקענען אין זײַן אַמאָל,
ווען ער האָט ניט געהאַט קיין שיך
און איז נאָך ניט געווען קיין איך,
און האָט געהאַלטן זייער שמאָל.

דאָך דער, וואָס איז מיט גײַסט באַזעלט,
געדענקט, ווען ער ווערט הויכגעשטעלט
דורך רײַכטום אָדער דורך אַ שם,
דעם שוואַרצן, טרוי׳ריקן מאָמענט,
ווען קיינער האָט אים ניט געקענט,
און ער פֿאַרטרויט דער וועלט מיט דעם.

און מעג אויך פֿירן יענע מאָפּ
אַפֿילו דורך דעם שנײַדער־שאָפּ,
עס לייקנט דאָס ניט סײַ ווי סײַ;
ער הייבט די נאָדל און די שער,
און ער שטאָלצירט מיט זיי נאָך מער,
און מאַכט נאָך גרויס די שנײַדערײַ...

## דאָס ערגסטע

מיר האָבן, פּונקט ווי יעדעס פֿאָלק,
אויך אונדזער אייג׳נעם שאַנדע־פּאָלק,
וואָס שווינדלט, גזלט, רויבט און צינדט,
וואָס לעבט פֿון טומאה און פֿון זינד,
וואָס האָט פֿאַר העלפֿער דעם שוואַרציאַר
און באָדט זיך אין פֿאַרברעכנס גאַר,
דאָך דער וואָס שנײַדט אונדז ביזן ביין
איז דער משומד נאָר אַליין!

## הפקר פעטרישקע

ער האָט דאָ אי הײַזלעך, אי ברײַזלעך געהאַט,
מסחרים פֿון יעדן כאַראַקטער —
איצט דרוקט ער פֿאַר ייִדן דאָס כּשרע בלאַט
און ער איז אַליין דער רעדאַקטער.

ער קען ניט קיין ייִדיש, קיין ענגליש, קיין דײַטש,
ער איז אַ גראָביאַן מיט די ביינער —
סך־הכּל נאָר טויג ער צו האַלטן אַ בײַטש
און פֿירן אַ וואָגן מיט שטיינער...

נו, זאָג איך אים: פּעטרישקע, לאָז דאָס צו רו!
דו האָסט דאָך קיין ברעקל באַדײַטונג —
ווי קומט אַזאַ טריפֿער עם־הארץ ווי דו
צו ווערן דער קאָפּ פֿון אַ צײַטונג?

ווּ ביסטו אַ שרײַבער? וואָס האָסטו פֿאַרפּאַסט?
ווי קומסטו צו ניצן אַ פֿעדער?
און ווילט זיך דיר שמירן, טאָ שמיר ווי דיר פּאַסט:
מיט סמאָלע אויף טרוקענע רעדער...

דאָך פּעטרישקע לאַכט זיך פֿונאַנדער: „דו, נאַר!
איך וועל אַ רעדאַקטאָר פֿאַרבלײַבן.
וואָס טויג מיר השׂכּלה? איך דאַרף דאָס ווי צער,
אַבי נאָר געזונט, מען וועט שרײַבן!...

— איך דינג מיר שרײַבאַרעס און גיב זיי געהאַלט,
און טשעפּע זיך צו צו אַ קלײַזל.
אַ בלאַט, אַ רעדאַקציע, פּיש, פּיש, אַ גוואַלד,
ס'איז — גלייב מיר — ניט מער ווי אַ הײַזל...

און פֿירן אַ הײַזל דאָס קען איך דאָך, האַ?
האָב, דאַכט זיך, דעם עסק דערגרונטיקט.

כ׳באַצאָל אַ שרײַבאַר ווי מיר לוינט זיך און — שאַ!
ער טונקט שוין די פען און ער זינדיקט...״

ער האָט ניט גערעדט מער, ער האָט נאָר געלאַכט,
אַ געלעכטער וואָס פּאַסט פאַר אַ פאַקטער[1] —
דער כּלל, הפקר פעטרישקע, האָב איך געטראַכט,
און פעטרישקע בלײַבט אַ רעדאַקטער.

## עפּיגראַמען

### שאַפן

און שאַפסטו פאַר געצאָלט אַליין,
דאַן איז דײַן שאַפן זעלטן ריין.
און שאַפסטו, ווײַל דו זוכסט אַ שם,
דאַן נאַרסטו זיך צו מאָל מיט דעם.
דען שאַפן האָט נאָר דאַן אַ האַפט,
ווען איינער שאַפט נאָר, ווײַל ער שאַפט.

### די וועלט

די וועלט איז טויב ווען מען לויבט דיך,
און הערט ווען מען איז דיר צו ווידער;
די וועלט איז בלינד ווען מען הייבט דיך,
און זעט ווען מען לייגט דיך אַנידער...

### ביכער

אַ מאָל פלעגט דער פאַרלעגער קוקן
דאָס רוב אַ גוטן בוך צו דרוקן,
דאָס אויסזען פלעגט ניט ווערן ניכּר,
דער אינהאַלט נאָר פלעגט זײַן דער עיקר.
נאָר איצטער איז דער אײַנבונד אַלעס,
דאָס ווערק אַליין — אַ גײַסט׳קער דלות.

---

[1] מעקלער, פאַרמיטלער.

## דער לייב

וואָס רוקט איר אַלץ די פּלייש אין זיך,
און שמײַסט צו מיר די ביינער?
וואָס מיינט איר, וואָס? אַ הונט בין איך,
אַ הונט מיט קהלשע ציינער?

אַ הונט וואָס לויפט־אַרום אין גאַס
און נעכטיקט אויף די בריקלעך,
און ווען אים פאַלט אַ ביין צום שפּאַס,
איז ער שוין איבער גליקלעך?

אַ הונט וואָס כאַפּט אַ ביס אין קיך,
דערנידעריקט און שפּל,
און לעקט דערפאַר דעם ווירט די שיך,
דער ווירטין די פּאַנטאָפל?

אַ, ציטערט! דען איך בין דער לייב —
ניט שפּילט מיט מיר אין שפּיצלעך,
דען קוים דערלאַנג איך מיך אַ הייב,
צעפּלייש איך אײַך אויף פּיצלעך!

איך קען דעם סטעפּ, איך קען דעם וואַלד,
איך בין אין יאַכט געבאָרן,
איך טו אַ ברום, עס ווערט אַ גוואַלד —
און איר דערקענט מײַן צאָרן.

ניט קוקט זיך אײַן, וואָס איך פאַרשווײַג,
ניט האַלט מיך פאַר אַ שוטה —
עס קומט דער טאָג, איך ברעך די שטײַג
און איר בלײַבט ליגן טויטע...

# געדענק!

האָסטו דעם דיכטער בייז געמאַכט,
האָסטו פֿאַרדינט זײַן קללה —
דאָן ציטער! האָסט אויף זיך געבראַכט
דײַן אייביקע מפּלה.

דו האָסט געשטעלט דײַן זעל אין קאָן,
דו האָסט פֿאַרשפּילט דײַן לעבן;
ער שיקט אויף דיר די גײַסטער אָן,
דו זאָלסט זיי חשבון געבן.

נקמה נעמען זיי מיט כּעס
פֿון דיר, געמיינער זינדער!
דער הימל לאָזט ניט מאַכן שפּאַס
מיט זײַנע מוזע־קינדער...

עס שלאָגט אַ דונער מיט אַ ברען
דײַן איצטער און דײַן שפּעטער,
דו ווייסט ניט ווי דאָס וועט געשען
און ווייסט ניט פֿון קיין רעטער.

עס טרעט אַ ווילדע קראַפֿט אַרויס,
אַן אַשמדאַי אין צאָרן,
ער שלינגט דיך אײַן און שפּײַט דיך אויס
צו אַל די שוואַרצע יאָרן.

אָ, ציטער פֿאַר דעם דיכטערס שטים!
ניט טשעפּע, ניט צערייץ אים!
דער הימל נעמט זיך אָן פֿאַר אים,
די העל[1] מיט אירע לצים.

---

[1] דער גיהנום.

## פעסימיזם

— I —

די וועלט איז אַ צעהרגעט ליד,
אַ וויסטע שטיק בדחנות!
עס האָט קיין גראַם, עס האָט קיין טעם,
אַן עקל, בנאמנות!

עס האָט קיין גייסט און קיין „געפיל,
עס פּאַסן ניט די ציילן.
אַ גוטע שורה ווי־ניט־ווי,
אַ שלעכטע ציט זיך מיילן...

ווי כאַפּ איך ערגעץ דעם פּאָעט,
איך זאָל אים קענען ווייזן
דעם פֿאַלשן „מישקל“ אומעטום,
די „תנועות“ מיט די גרייזן?...

איך זאָל אים פֿרעגן, ווי ער קומט
אַזאַ מין קוואַטש צו דיכטן,
און אויב ער לאָזט דאָס ווי דאָס איז,
אויף קיין מאָל צו פֿאַרריכטן...

— II —

אַ טעות איז די וועלט, „באַנקראָט
פֿון אָנהייב ביז צום סוף,
עס האָט זי אַ באַטרונק׳נער גאָט
באַשאַפֿן אין זיין שלאָף.

ער האָט געגענעצט און געלאַכט,
ניט וויסנדיק זײַן שולד,
איצט זיצט ער ברייטלעך און באַטראַכט
די מענטשלעכע געדולד.

אָ, גאָט, דײַן וועלט איז שטאַרק ניט גוט,
אויף צרות איז דײַן ערד!
זי שמעקט מיט בראַנפֿן און מיט בלוט,
און גלאַנצט נאָר מיט דער שווערד...

נו, היט זיך מיט אַ קאָפּ פֿול ווײַן,
ווי דו באַטראַכטסט דײַן בלענד,
דען ווי דעם גאָט, וואָס פֿאַלט־אַרײַן
בײַ מענטשן אין די הענט!...

## אַ קריטיקער

„וואָס מיר דיכטער? וואָס מיר לידער?" —
הער איך ווי דאָרט רעדט אַ ייִד —
„קוים נאָר גראַמט זיך ווידער־סידור
דומע־פֿרומע — הייסט עס ליד...

פֿעלן דען אין ייִדיש ווערטער?
וועלכע חכמה שטעקט דערבײַ?
ערטער־הערט ער, שטערט ער־קלערט ער
און עס קלינגט, און עס איז נײַ...

היי, זײַט מוחל דאָרט, ווי הייסט איר?
נאָך אַ גראַם, פֿאַרגעסט דאָס ניט!
בילט ניט, ס'גילט ניט, מכּות ווייסט איר —
דאָס, ר' ייִד, איז אויך אַ ליד.

## די וועלט

די וועלט איז אַ קו,
וועלכע בריקעט — אַן אימה!
אַ מילכקו אַפילו,
נאָר דאָך אַ בהמה.

דורך מי און דורך שרעק,
דורך ריטשען און ברומען
נאָר קענסטו די מילך
אין שעפּל באַקומען.

און האָסטו שוין פול...
טאָ, ברודער, ניט פריי זיך!
דען גלײַך גיט די קו,
די ווילדע, אַ דריי זיך.

און ווי דײַן געמעלק
און ווי דײַנע ציינער!
דו לויפסט פון דער שטאַל
קוים, קוים מיט די ביינער...

## הפקר

הפקר איז דער אָרעמאַן,
שפּאָט זײַן לעבן, ניט כּדאַי,
מעגסט אים טויטן — דו ביסט פרײַ,
ס'איז פאַר אים קיין רעכט פאַראַן.
ער איז ביליק אין פאַבריק,
ער איז ביליק אין דער גאַס.
אַך, ער איז דער מענטש אָן גליק,
אויסגעזעצט צו שפּאָט און האַס.
יעדע בײַטש און יעדע רוט
מעג זיך באָדן אין זײַן בלוט.

## דער וועלטס כפרה

ווען לעבן וואָלט געווען אַ האָן,
וואָלט איך ניט קלערן וואָס צו טאָן
און גלייך געענדיקט אַלע צרות:
און וואָלט געכאַפּט עס איינס און צוויי,
און פאַר די פּיס דערלאַנגט אַ דריי
און אָפּגעשלאָגן שנעל כפּרות.

און ווען די וועלט וואָלט זײַן ווי געלט,
וואָלט איך מיך אויך ניט פיל געקוועלט
און וואָלט קיין עוולות ניט פאַרטראָגן:
איך וואָלט געדרייט עס אַרום קאָפּ,
איין מאָל פאַר אַלע, און אַראָפּ,
אַראָפּ מיט אַלע אונדז׳רע קלאָגן!

נאָר ווײַל דאָס איז ניט ווי איך וויל,
ד׳רום מוז איך וואַנדלען אָן אַ ציל,
געיאָגט פון יעדן וויי און צרה,
און דך מען כאַפּט מיך און מען בינדט...
און רק עס איז מיר וויי און ווינד.
און רק איך בין דער וועלטס כפּרה...

## שפּאַס און ערנסט

׳

לאַכן איז אי גוט, אי שיין,
דאָרטן וווּ מען דאַרף דעם שפּאַס.
אָפט איז אָבער גוט דער כעס
און דאָס קריצן מיט די ציין...

## צו אַ יונגן דיכטער

מײַן פֿרײַנד, דײַן ליד איז הוילע שמאַלץ
עס פֿעלט דיר אויך קיין גראַם ניט,
דאָך איז דאָ, לײדער, קנאַפּלעך זאַלץ
און האָט דערפֿאַר קיין טעם ניט.

ס'איז ניט דעם קוגלס פֿעטס אַלײן,
וואָס מאַכט זיך אונדז באַלעקן,
עס דאַרף דער גײַסט נאָך האָבן חן
און מוז מיט שבת שמעקן...

## אַמאָל און הײַנט

ווען די ייִדן פֿון מצרים
משה האָט אַמאָל באַפֿרײַט,
איז די וועלט געווען אַ ווילדע
און פֿון חכמה זײער ווײַט.
אָבער איצטער ווערט דאָס וועלטל
קליגער, וויסנדער פֿון שעה,
איצטער האָט זי אַלעס, אַלעס,
נאָר קיין משה איז ניטאָ.

בײַ די ייִדן אין דעם מדבר,
גאָר פֿאַר צײַטן, גאָר אַמאָל,
האָט מען ניט געקענט קיין חבֿרות,
ניט געהאַט קיין ראש הקהל.
אָבער איצטער האָט, מיט מזל,
ייִדישקייט אַן אַנדער פּלאַן —
אַלץ איז דאָ, נאָר לײדער זײַנען
מער קיין ייִדן ניט פֿאַראַן!

## פּאַס־אויף!

וועו דו לעבסט ווי עובֿר בטל,
טוט די וועלט דיר אַן אַ זאַטל,
וואַרפט־אַרויף אויף דיר אַ לייצע
און זי זיצט דיר אויף דער פּלייצע,
און זי שמייסט דיך און זי שרייט.
דו ביסט פערד און זי איז רייטער
און זי טרייבט דיך שטענדיק ווייטער.
קריגסט אין בויך מיט שאַרפע שפּאָרן,
פונקט ווי נאָר דערצו געבאָרן —
און די וועלט, די שלעכטע, רייט...
דעריבער וואַך און האַלט זיך טייער!
בריקע — און דו ביסט אַ פרייער...

## דער מאַסקנבאַל

דאָס לעבן איז אַ מאַסקנבאַל,
די וועלט — אַ גרויסער מאַסקנזאַל.
אַיעדער גייט־אַרום פאַרשטעלט
אין אונדזער טומלדיקער וועלט.
עס טראָגן מאַסקעס קינד און גרייז,
און דער, וואָס פאַרמאַסקירט זיך גוט,
מעג הוליען מיט אַן אַנדער מוט,
יאָ, ער געווינט דעם ערשטן פרייז...

# פונקען

זײַ מעסיק!

ניט פֿאָדער צו פֿיל פֿון דעם לעבן!
דו מעגסט זײַן טײַוול אָדער גאָט,
וועט ער פֿאַר קיין שום פֿאַל דיר געבן
קיין ברעקל מער ווי וואָס ער האָט.

זײַ אַ חצוף!

אויב דו פֿילסט, עס פֿעלט דיר מוט,
דאַן איז חוצפּה אויך גאַנץ גוט,
ס׳וויס קיין אונטערשייד די וועלט
צווישן חצוף און דעם העלד!

רעשטלעך און שטיקער

דו קענסט ניט זײַן אין גאַנצן גליקלעך,
סײַדן דו ביסט נאָר צי שיכּור,
דען פֿריידן האָט די וועלט נאָר שטיקלעך,
טרויער האָט זי גאַנצע שטיקער.

פּאָליטיק

גלייב ניט, פֿרײַנד, אין פּאָליטיק!
קענסט אויף איר ניט צו פֿיל בויען,
ווײַל זי בײַט זיך מיטן בליק,
ווי די מאָדע בײַ די פֿרויען.

ליכט

אַך, ווי לאַנגזאַם פֿרײַהייט קריכט!
אַך, ווי פֿינצטער — צינדט־אָן ליכט!
זאָלן מיר כאָטש קענען זען
אונדזער אייגן אונטערגיין!

# זיי צופרידן!

ווילסטו וויסן, פֿרײַנד, די אורזאַך
פֿון קבצנות? טאָ ניט קלער!
דאָס איז פּשוט אַ נאַטורזאַך
און דו דאַרפֿסט ניט גריבלען מער.

האָסט קיין רעכט צו זײַן אַ האַסער
פֿון דײַן לייד און פֿון דײַן פּײַן.
דאַרפֿסט צופֿרידן טרינקען וואַסער,
ווען דער נגיד שיכּורט ווײַן.

דאָס איז די נאַטור, איר וועלער,
און זי ענטפֿערט ניט פֿאַר וואָס.
דו מוזסט ניחאווענען[1] אין קעלער
און דער גביר מוז זײַן אין שלאָס.

איז דען בייז די טשערעפּאַכע
פֿאַר די משׂא, וואָס זי שלעפּט?
בעט זי עפּעס? זוכט זי ראַכע?
זי איז גליקלעך, וואָס זי לעבט.

איז דער טכויר, דער שנעק, דער ביבער,
אין דער שוואַרצער לאָך דער קראָט,
ניט צופֿרידן? קלערט ער איבער?
האָט ער טענות דען צו גאָט?

ליג אין דר'ערד! הער־אויף צו קלאָגן,
וואָס דו ביסט פֿון גליקן ווײַט!
זע, דײַן ווײַב זאָל מער ניט טראָגן —
ניט פֿאַרמער קייך אָר'מע לײַט!

[1] האַלטן פֿאַר ניחא, זיך באַנוגענען.

# אַן עצה

על תען כסיל...
ענה כסיל... (משלי, כ״ו)

דאָס בעסט׳, וואָס דו קענסט טאָן דעם לומפּ,
איז וועגן אים צו שרײַבן.
ער וועט זיך שטיין אין מיטן זומפּ
און פּשוט נחת קלײַבן.
דײַן קראַפט ווערט נאָר אומזיסט פֿאַרוועגדט,
גייסט ריידן צו אַ שרץ —
ער ווערט דורך דעם נאָר פּראָמינענט
און קריגט קיין דרך־ארץ.
דו ווילסט דעם לומפּ פֿאַרשאַפֿן שמאַרץ,
זאָלסטו אים איגנאָרירן,
דאַן ברעכט אין אים זײַן שוואַרצע האַרץ,
ער מוז פֿאַר פּײַן קראַפּירן.
דער לומפּ באַליידיקט דיך, געדענק,
זאָלסט זיך מיט אים נישט דינגען!
מען גלייבט אים סײַ ווי סײַ אַ קרענק,
ער מעג דאָ באַלד צעשפּרינגען.
דאָך ווען ניט ווען איז עס כּדאַי
דו זאָלסט דאָס אים ניט שענקען,
דאַן גיב אים, גיב אים סײַ ווי סײַ,
און זאָל ער דיך געדענקען!

# אומזיסטע כוחות

איך האָב מיר אין אַ ליד אַמאָל
דעם עולם אָפּגעשמיסן,
געשאָטן שמיץ גאָר אָן אַ צאָל,
גאָר פּראָסט די הויט געריסן.

די קהלס־לײַט און די גאָלד'נע פּאַן,
כ'האָב אַלעמען געגעבן,
דעם פּאָליש און דעם אויבנאָן;
דעם בעדער און דעם רבין.
דערנאָך האָב איך קיין מי געשפּאָרט,
איך בין געגאַנגען הערן:
וואָס רעדט מען דאָ, וואָס רעדט מען דאָרט,
וואָס בני ישׂראל קלערן.
איך גיב די מזוזה מיר אַ קוש
און גיי, און טרעף דעם רבין;
— „אוי, לעבן זאָלט איר פאַר דעם דרוש,
איר האָט זיי גוט געגעבן!"
מיר טרעפט אַ ייד און נאָך אַ ייד,
דער מוהל קומט אין מיטן:
— „איך האָב געלייענט אײַער ליד,
איר האָט זיי גוט געשניטן!"
דער שוחט מאַכט אַזש מיט די הענט,
איך זע זײַן שׂמחה בולט:
— „איר האָט געוויזן, וואָס איר קענט,
איר האָט זיי פראָסט געקוילעט!"
דער מלווה זאָגט: — „איר קענט, איר קענט,
דאָס זײַנען אַנד'רע דרכים,
איר האָט געצאָלט זיי מיט פּראָצענט,
געצאָלט זיי מיט רווחים..."
דער גבאַי קומט אַנטקעגן מיר,
עס ריידן פּופּצן שתּיות[1]:
— „איר האָט געטיילט זיי וויל, אַ בחיר[2],
די ריכטיקע עליות!"

---

[1] (גלעזלעך) געטרונקען. — [2] ממש אויסדערוויילט, אַן אַנטיק.

דער חזן מאַכט דאָס קורץ און שאַרף:
— „דאָס דריידל איז געלונגען,
איר האָט געדאַוונט ווי מען דאַרף,
איר האָט זיי פֿײַן געזונגען...״
דער בעדער שרײַט, איך הער זײַן קול,
דאָס פּנים זײַנע זשאַרעט[3]
— „איר זײַט אַ בריה אויפֿן פּאָל,
איר האָט זיי גוט געפּאַרעט!״
נו, טו איך מיר אין שול אַ גיי,
דער גאַנצער עולם פֿרייט זיך:
— „ס׳איז גוט אויף זיי, ס׳איז גוט אויף זיי,
מסתּמא, עס פֿאַרשטייט זיך!״
איך בלײַב צעמישט, איך בלײַב פֿאַרטראַכט,
און לאַך מיט קאַלטע ציינער:
איך האָב פֿאַרוועגדט מײַן גאַנצע מאַכט
און ליידער פֿילט דאָס קיינער.

## איר פֿרעגט, אויב יידיש איז אַ שפּראַך...

איר פֿרעגט, אויב יידיש איז אַ שפּראַך,
גראַמאַטיש און נגידיש —
איך קען אײַך זאָגן נאָר איין זאַך:
דעם יידנס שפּראַך איז יידיש.
צו זוכן ליגט ניט אין מײַן פֿאַך,
פֿון וואַנען ווערטער שטאַמען,
איך ווייס נאָר, אַז איך ליב מײַן שפּראַך,
דעם לשון פֿון מײַן מאַמען.
אָט ווי זי האָט גערעדט צו מיר,
אַזוי רייד איך אַצינדער,

---

[3] ברענט, פֿלאַקערט.

פאַר מיר איז יידיש גרויס אַן שיעור
און וווּנדער איבער וווּנדער.
אין יידיש טרוימט מיין אָר׳מער ייד.
וואָס טויג מיר יעדעס פשטל?
אין יידיש קלינגט „שולמית"-ליד,
אין יידיש רעדט מיין „שטעטל".
מיין „מירעלע אפרת" רעדט זשאַרגאָן,
מיין „באַנטשע" שווייגט אין יידיש...
און ביידע שטייען אויבנאָן
און זיינען שיין, אַ חידוש!
ווי פיין דאָס יידיש קינד זיך שפילט
מיט זיינע ווייסע „ציינדעיאַך"...
ווי שיין מיין קרומער „פישקע" שילט:
„אַ ביאַך אין דיינע ביינדעיאַך"!
ווי ליב מיין מאַמעס ניגון קלינגט
פון יענעם וויטן ציגעלע,
וואָס רעדט אין יידיש און וואָס ברענגט
אַ הימל אין דעם וויגעלע...
אין יידיש קרעכצט מיר די פאַבריק,
אין יידיש רוישט מיין קינה,
ווען פאַלשע פרייהייט טרייבט-צוריק
מיין ייד פון איר מדינה...
אין יידיש ווער איך אָפט אין כעס
אויף אונדז׳רע קהלשע ווערעם
און האַלב אין ערנסט, האַלב אין שפּאַס
נעם איך זיי די געדערעם...
עס מעגן נעמען אונדז׳רע „פני"
פאַר אונדזער שפּראַך אַ גראָשן,
מיר לאַכן זיך אַלע אויס פון זיי
און ריידן מאַמע-לשון!




ווינטער פון אפרים־משה ליליען

# נאַפּאָלעאָן און הערצל

(פּערזענלעכע איינדרוקן אויף דעם 4טן ציון־קאָנגרעס אין לאָנדאָן, אין 1900).

צווישן די דערהויבענע, גײַסטרײַכע בילדער אין די גאַלעריייען פֿון דעם ניו־יאָרקער „מעטראָפּאָליטן" קונסטמוזיי געפֿינט זיך אַן אומשטערבלעכע געמעל פֿון דעם פֿראַנצייזישן מײַסטער מעסאָניע. אָט דער געניאַלער מאָלער שטעלט־פֿאָר, ווי נאַפּאָלעאָן דער ערשטער דערשײַנט פֿאַר זײַן אַרמיי און ווי די גאַנצע ריזיקע מחנה ווערט פֿון דער דאָזיקער דערשײַנונג פּלוצלינג עלעקטריזירט. איר זעט, ווי די טויזנטער רויע שלעגערס ווערן מיט איין מאָל לויטער גײַסט. זייערע נשמות דריקן זיך דורך דורך זייערע שטאַרקע געזיכטער, דורך זייערע מעכטיקע פֿויסטן, וועלכע האַלטן די צוימען פֿון זייערע ברענענדיקע פֿערד. אַלע מײַלער זײַנען אָפֿן, אַלע אויגן בליצן, אַלע ליפּן צוקן פֿאַר אַנטציקונג, און פֿון די אויסגעשטרעקטע העלדזער רײַסט זיך אַרויס אַ דונערדיקער הוראַ, וועלכער בלײַבט הענגען אין דער לופֿטן ווי אַ וואָלקן.

נאַפּאָלעאָן זיצט אויף זײַן ווײַסן שימל, דעם קאָפּ געבויגן. זײַן שטערן איז גלאַט, זײַנע באַקן באַוועגן זיך ניט, זײַנע ליפּן זײַנען פֿאַרמאַכט. ער זיצט ווי אַ גאָט אויף אַ וואָלקן פֿײַער און בייגט זײַן קאָפּ פֿאַר זײַנע אייגענע שאַפֿונגען.

די אַרמיי איז גרייט. ווען ער הייסט איר אײַננעמען די אַלפּן־בערג, ווערן זיי אײַנגענומען. ווען ער הייסט באַזיגן די פּיראַמידן פֿון אַלט־עגיפּטן, ווערן זיי באַזיגט. די העלדן קעמפֿן מיט דעם שם המפֿורש פֿון זײַן מעכטיקן קוק. ער גיט אין זיי אַרײַן זײַן העלדישן

גייסט און ווי די אומבאַזיגבאַרע עלעמענטן פֿון דער נאַטור דריקן זיי הימל און ערד.

*

אַט אַזאַ געמעל שטעלט־פֿאַר דער ציון־קאָנגרעס ביי דער דער־שיינונג פֿון דעם נאַפּאָלעאָן פֿון ייִדישן גייסט, דעם אומגעקרוינטן געקרוינטן הערשער פֿון אַן אומגעקרוינטער געקרוינטער נאַציע, פֿון דעם אַרכיטעקט פֿון דער נייער ייִדישער היסטאָריע — ד״ר טעאָ־דאָר הערצל.

ער פֿאַנגט־אָן צו באַטרעטן די פּלאַטפֿאָרמע און זיין מעכטיקער גייסט טרעט אים פֿאָרויס. איידער הערצלס מאַיעסטעטישע פֿיגור דערשיינט נאָך פֿאַר דער אַרמיי פֿון ציונס דעלעגאַטן, איז שוין דער גאַנצער זאַל פֿול מיט זיין כּבֿוד, און דער אומבאַזיגבאַרער איינפֿלוס פֿון זיין גרויסער זעל פֿילט־אָן יעדעס ווינקעלע פֿון די ייִדישע נשמות. ער טרעט־אויף, און אַלע הערצער קלאַפּן מיט ערפֿאָרכט, אַלע אויגן בליצן, אַלע ליפּן צוקן, אַלע הענט הייבן זיך אַליין צו אַ שטורמישן אַפּלויז, און אַלע, אַלע קעלן זיינען פֿול מיט הוראַ־גע־שרייען, וועלכע רייסן זיך אַרויס ווי דונערן פֿון מעכטיקע וואָלקנס.

אָבער וואָס פֿאַר אַן אונטערשייד — צווישן הערצל און נאַפּאָ־לעאָן! ווען נאַפּאָלעאָן איז דערשינען פֿאַר זיין מחנה, האָט ער זי באַגייסטערט צו פֿאַרגיסן בלוט און צו זעטיקן אירע שווערדן מיט מענטשנפֿלייש. און ווען הערצל דערשיינט אין דער מחנה ישׂראל, שוועבט איבער זיין שטאָלצן קאָפּ ציונס ווייסע פֿאָן פֿון תּכלת, די שיינע פֿאָן פֿון שלום, דער הייליקער באַגער פֿון אייביקן פֿרידן, פֿון אמתער ליבע — פֿון ייִדישער ליבע.

*

הערצל איז ישעיהס פֿאַרקערפּערטע נבֿואה, וואָס האָט גערעדט פֿון דעם אייבערמענטש, וועלכער וועט צעשמעלצן זיין שווערד אין אַן אַקער־אייזן, און זיינע שלעכטע מחשבֿות וועלן ווערן פֿאַר דעם געטלעכן ליכט פֿון ריינעם שׂכל. נאַפּאָלעאָן האָט דעראָבערט קרוי־

נען און זיי פֿאַרטיילט צווישן זײַן משפּחה. און הערצל איז פֿיל מאָל געפֿאַלן אין אונגנאַדע בײַ זײַן לעבנסבאַגלייטערין דערפֿאַר, וואָס ער ליבט זי ניט אַזוי שטאַרק ווי זײַן געליבטע ציון, און אָפּפֿערט אַפֿילו זײַן ברויט אויף דעם הייליקן אַלטאַר פֿון ליבע צו זײַן פֿאָלק.

*

הערצל זוכט אַ קרוין, אָבער ניט פֿאַר זיך. ער וויל ווידער קרוינען דעם אַלטן פֿאַרשאָלטענעם קעניג פֿון מענטשלעכן וויסן און מענטשלעכער מאָראַל, וואָס זייער טראָן עס האָט אַ מאָל גע־גלאַנצט אין זוניקן מזרח. ער זוכט צוריק פֿאַר דעם הערשער פֿון די גײַסטיקע וועלטן זײַן דרײַפּאַכיקע קרוין: כּתר תּורה, כּתר מלכות און כּתר שם־טובֿ, וועלכע דער גלות האָט באַדעקט מיט דעם שטויב פֿון דורות און מיט דעם בלוט פֿון אומשולדיקע ייִדישע קרבנות.

*

מען מוז בײַוווינען אַ ציון־קאָנגרעס אונטער דעם פֿאָרזיץ פֿון דעם אומשטערבלעכן פֿירער, כּדי צו באַגרײַפֿן זײַן גרויסע קראַפֿט, וועלכע האָט היפּנאָטיזירט אַ פֿאָלק. עס איז אַ געטומל, אַ רויש, אַ הו־האַ צווישן די הונדערטער דעלעגאַטן אונטן און צווישן די טויזנ־טער באַזוכערס אין די גאַלערייען. טייל דעלעגאַטן האָבן פּרעטענזיעס צו ד״ר הערצל, טייל קלײַבן זיך צו נעמען אים אויפֿן פֿאַרהער און אַרויספֿאָרן מיט הארבע קשיות. זיי ווילן טאַקע וויסן איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל, וואָס עס וועט זײַן די ענדע פֿון די אַלע קאָנגרעסן... ווען וועט עפּעס קומען אַ שטיקל אמתע ישועה אויף ייִדן... אַגבֿ האָבן זיי טענות צו דעם אַקציאָנס־קאָמיטעט. זיי וועלן ניט שווײַגן, זיי וועלן ריידן, זיי מוזן ריידן... פּלוצלינג דערזעט זיך די שלאַנקע פּאַלמענ־מעסיקע שטאַטור פֿון ד״ר הערצל. זי באַצויבערט מיט איין מאָל די טויזנטער געסט און פֿאַרטרעטערס. ער פֿאַנגט־אָן ריידן און אַלץ איז באַזיגט. זײַן קוק האָט מנצח געווען יעדן פֿאַרדראָס, יעדע ער־גערניש, יעדע אומצופֿרידנקייט. אַלץ איז גרייט צו טאָן זײַן ווילן. אַלע ציטערן פֿאַר אים, אַלע ליבן אים, אַלע זײַנען זײַנע פֿרײַוויליקע קנעכט, זײַנע שקלאַפֿן, זײַנע קינדער!

# דאָס פאָלק

עס וויינען די פּריילעכסטע פּעדערס און עס קלאָגן די וויציק־סטע פּעליעטאָנען. דער גרעסטער פּעליעטאָניסט איז טויט...

ד״ר טעאָדאָר הערצל איז געשטאָרבן!

— פאַרהייראַטער מאַן געווען אָט דער הערצל? האָט עפּעס איבערגעלאָזן אַ ווײַב מיט קינדער? — פּרעגט מיך די פּרוי פון ערשטן שטאָק, אַ פרומע פראָסטע ייִדענע, הערנדיק ווי איך לייען די צײַטונג און באַדויער דעם טויטן.

— יאָ, פּרוי־לעבן, אַ פאַרהייראַטער מאַן געווען, אַ פאָטער פון קינדער... אַ געטרײַער, אַ הייסער טאַטע, האָט זיך פּשוט מקריב געווען פאַר זיי... אין גיכן האָט געזאָלט זײַן חתונה בײַ זײַן בכור ישראליק מיט דער מיוחסת ארץ־ישראל... פאַר דער חתונה איז ער, דער טאַטע, דער געטרײַער, גוטער טאַטע, געשטאָרבן... פאַר דער חופּה איז ער אַוועק... ניט דערלעבט די שׂמחה!

אַ וועלט מיט יתומים האָט ער איבערגעלאָזן, בלודנע [1], אומ־גליקלעכע. ווייַ, וויי, וווּ וועלן זיי זיך אַהינטאָן? וווּ וועלן זיי געפינען אַן אָרט פאַר זייערע מידע קעפּ? וווּ וועלן זיי גייןֹ? ווער וועט זיי אַרײַנלאָזן?... ווער וועט זיך אָננעמען פאַר זיי? ווער וועט קריגן זייער קריג, מאָנען זייער רעכט? אָ, ווער וועט זיי טראָגן בײַ זיך אין האַרצן? עלנטע וואַגלערס, פאַרשטויסענע, פאַרלוירענע נע־ונדניקעס!

— האָט ער גאָר ניט איבערגעלאָזן קיין ירושה, קיין ביסל אייגנס, קיין אייגענעם דאַך? — האָט מיך די ייִדענע ווײַטער געפרעגט מיט מער אינטערעס — זײַנען גאָר ניט געבליבן קיין אַפּעקונעס [2], קיין משפּחה, וואָס זאָל אַכטונג געבן אויף די קינדער?

אַ שווערע שאלה, פּרוי־לעבן, זייער אַ שווערע. ער האָט יאָ

---

[1] אַפּגעלאָזענע, געפאַלענע. — [2] אַפּוטרופּסים, באַשיצערס, פּראָטעקטאָרן.

איבערגעלאָזן און ניט איבערגעלאָזן... עס זיינען דאָ אַפּעקונעס און נישטאָ... עס איז פאַראַן אַ משפחה, אַ גרויסע משפחה, הלוואי וואָלט זי ניט געווען... וואָלט זיין גלייכער פאַר די יתומים...

ער איז געווען אַ בריה אַ מענטש, אַ זעלטענער אויפטוער. אַ האָרעפּאַשניק און אַ חכם. לאַנד און לייט האָבן אים געקענט און באַוווּנדערט. קיין גרויס עשירות האָט ער ניט איינגעשאַפן... ער האָט געהאַט אַ רייכע נשמה, אפשר די רייכסטע, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם אוצר פון די נשמות זינט לאַנגע דורות. דאָס איז געווען אַ צו גרויסע, אַ צו טייערע נשמה פאַר דער זינדיקער ערד. מען האָט זי דאָ ניט פאַרשטאַנען, ניט געווען אויף איר קיין מבינים. ווי אַ זעלטענער אומשאַצבאַרער דיאַמאַנט צווישן קינדער און ווילדע האָט זי זיך דאָ אַרומגעשלייַדערט. מען האָט געוואָרפן אויף איר בלאָטע, געטראָטן מיט אומריינע פיס. מען האָט זי געוואָלט צע־ברעכן און גאָט איז אין כעס געוואָרן אויף די מענטשן און האָט די גרויסע נשמה צוגענומען צו זיך פאַר דער צייט... ווי, פאַר דער צייט!

עס איז געבליבן אַ גרויסע ירושה פון זיין זיידן. זי איז איבער־געבליבן אין פרעמדע הענט, האָט ער זי געוואָלט אַוועקנעמען, אויס־לייזן, אויסקויפן, איבערלאָזן פאַר זיינע קינדער, די אמתע, די ריכטיקע, די איינציקע יורשים. בערג האָט ער געריסן, וועלטן איינגעלייגט, זיינס צו דערלאַנגען. ער האָט געהאַט אַ טייערע פעדער, האָט ער געשריבן טאָג און נאַכט צו באַווייזן, אַז די ירושה איז זיינע, לכל הדעות...

—ניט פאַר מיר — האָט ער געזאָגט — דאַרף איך זי. ניט פון מיינעט וועגן. איך וועל שוין מיין שטעטל באַשטיין. וועל סיי ווי סיי ניט לאַנג לעבן. דער שטרייט וועט מיך צעברעכן... איך וויל מיין זיידעס אייגנס פאַר די קינדער. די אָרעמע, אָרעמע קינדער!

אין קייסערלעכן פּאַלאַץ האָט ער אָנגעקלאַפּט נאָך הילף. מיט קעניגן האָט ער גערעדט, מיט די גרעסטע הערשערס. זיי האָבן אים צוגעזאָגט צו העלפן... און ער וואָלט אפשר איינגעמאַנט זיין אַלטן

חובֿ, אַזוי צי אַזוי, ער וואָלט עס אפֿשר געקראָגן. אָבער דער טויט איז שנעלער ווי די הילף פֿון די געקרוינטע, און הערצל איז גע־שטאָרבן!

עס זײַנען געבליבן אַפּעקונעס, אַפּוטרופּסים. זיי וואָלטן געקאָנט אַ סך אויפֿטאָן, אָבער זיי זײַנען פֿאַרטאָן מיט זיך אַליין. זיי איז גוט, פֿאַרגעסן זיי דעם עלנטן... זיי זײַנען רײַך, קענען זיי ניט פֿילן די אָרעמע. זיי קענען, קענען העלפֿן, ווילן זיי ניט. שטייט זיי ניט אָן מחמת כמה טעמים. זיי זײַנען גליקלעך — זײַנען זיי קאַפּריזנע, האָבן זיי קרומע פּלענער, משונהדיקע דעות. ווי איז די יתומים, וואָס האָבן ניט קיין טאַטן! ווי איבער דעם קבֿר, וואָס האָט פֿאַרשלונגען אַ האַרץ!

— נו, און וואָס איז מיט ישׂראליקן אַליין? — האָט מיך ווײַטער געפֿרעגט די ייִדענע פֿון אויבן, גערירט ביז אין איר טיפֿסטן האַרצן — וואָס איז מיט ישׂראליקן אַליין? ער האָט דאָך עפּעס געזאָלט טאָן אַ יחוס־שידוך? איז ער דאָך מסתּמא רײַך, קען ער דאָך נעמען די יתומים צו זיך — זײַנע ברידער און שוועסטערס. פֿאַר וואָס זאָרגט ניט ישׂראליק פֿאַר זײַן בלוט און פֿלייש?

— אוי, פֿרוי־לעבן! זאָגט, ווי רופֿט מען אײַך?

— רחל.

— רחל קרוין! איך זע, אַז איר זײַט אַן אמתע ייִדישע טאָכטער מיט אַ ייִדיש האַרץ. אײַערע אויגן זײַנען פֿול, זיי גייען־אַריבער. איר וויינט, רחל, איר וויינט אויף דעם עלנט פֿון די אומגליקלעכע יתומים. איר מעגט וויינען, קיין אַחריות, שענקט זיי עטלעכע הייסע טרערן. דאָס איז די הייליקסטע מתּנה פֿאַר קינדער, וואָס פֿאַרלירן זייער טאַטן; פֿאַר יתומים, וואָס האָבן ניט קיין היים; פֿאַר אַ בלודנער סטאַדע, וואָס האָט פֿאַרלוירן איר פּאַסטעך.

די ייִדענע האָט געוויינט, און איך האָב פֿאָרגעזעצט:

— ישׂראליקס יחוס־שידוך איז צעגאַנגען, גאָר ניט געוואָרן. אַ יחסן איז ער געווען, כּל־זמן דער טאַטע האָט געלעבט. איצט איז ער אַן אָרעמער יתום... אַן אומגליקלעכער בעטלער. ניטאָ, ווער זאָל

פֿאַר אים ריידן אַ וואָרט, ער איז צעמישט און דערשלאָגן. ישראליק זעט זײַנע עלנטע און קען זיי ניט העלפֿן!

— נו, — האָט די פֿרוי פֿון אויבן געזאָגט געערגערט — עס זײַנען דאָך דאָ „טשאַריטיס“, צדקה־הײַזער, עס איז דאָך דאָ אַ הויז, וווּ מ׳נעמט־צו אָרעמע יתומים... אַ וועלט איז דאָך ניט הפֿקר.

— וואָס רעדט איר פֿון „טשאַריטיס“, רחל? ניט וויסן זאָל מען פֿון זיי! קיין גוטער ייִד זאָל זיי ניט קענען. צדקה האָט נאָך קיינעם ניט גליקלעך געמאַכט. די מאָדערנע צדקה געוויס ניט. ווי דעם, וואָס דאַרף דאָס נעמען! ניט צדקה, ניט דאָס פֿאַרשאָלטענע בעטלברויט איז געווען הערצלס קוק אין לעבן. זעלבשטענדיק האָט ער געוואָלט מאַכן דאָס גרויסע הויזגעזינד, וואָס האָט געהאַלטן צו אים זײַנע אויגן. „דו זאָלסט ניט בעטלען!“ איז געווען דאָס ערשטע געזעץ פֿון זײַנע עשׂרת הדיברות. „אַ רעכטלעך געזיכערטע היים“, אָן חרפּות און אָן בושות, האָט ער געשטרעבט צו געווינען. אַ „היימאַט אָן שאַנד“ איז געווען דער שלוספּונקט פֿון אַלע זײַנע חזיונות. איר רעדט פֿון אַ יתומים־הויז, רחל, פֿאַר די אָרעמע קינדער. דאָך ווו נעמט מען אַזאַ גרויס יתומים־הויז פֿאַר אַזוי פֿיל יתומים? וועלכער אַנשטאַלט אין דער וועלט וויל דאָס האָדעווען אַזוי פֿיל פֿרעמדע קינדער? אַ וועלט מיט יתומים, ווער קען זיי פֿאַרזאָרגן?

— וואָס רעדט איר, מיסטער? — האָט מיך די ייִדענע געפֿרעגט פֿאַרוווּנדערט, מיט אויסגעשטעלטע אויגן — וואָס הייסט: אַ וועלט מיט קינדער? וויפֿל קינדער האָט ער דאָס געהאַט?

— פֿערצן מיליאָן, פֿרוי־לעבן! פֿערצן מיליאָן בלודנע יתומים צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט... ווו נאָר עס פֿאַלט אַ שטיין, טרעפֿט עס הערצלס אַ יתום. ווו נאָר מען שלאָגט אַ ייִדן, איז עס זײַנס אַ קינד. ווו נאָר מען טרײַבט איינעם, איז עס איינער פֿון זײַנע. אין קעשעניעוו האָט מען פֿאַרגאָסן זײַן בלוט, אין רומעניע בלאָנדזשען זײַנע קינדער, אין מאַראָקאָ קרעכצן זײַנע געליבטע, אין אַלע עקן וועלט זײַנען די אָרעמסטע און די אומגליקלעכסטע זײַנע קינדער, פֿאַר וועלכע ער איז געשטאָרבן...

— איך פאַרשטיי ניט, וואָס איר רעדט דאָ! — האָט די ייִדענע געשטאַמלט ווי אַ צעדולטע, גלייבנדיק אַז איך בין אַראָפּ פון זינען — וועגן וועמען רעדט איר דאָס? ווער איז ער דאָס געווען אָט דער הערצל?

— אונדזער טאַטע, אונדזער פאָטער אין גלות, און מירביידע, רחל, איר און איך, זיינען צוויי פון זיינע יתומים...

די פרוי האָט מער נישט געפרעגט, ווישנדיק די אויגן מיטן פאַרטעך איז זי אַרויף, כליפענדיק, אויף די טרעפּ...

— ד"ר הערצל איז געשטאָרבן! — האָב איך געהערט, ווי זי האָט געזאָגט מיט טרערן צו אַ שכנה אויבן.

זי האָט מיך ענדלעך פאַרשטאַנען.

## פסח מצרים און פסח לעתיד אָדער שעקספיר און די ביבל

„מה תצעק אֵלי, דבר אל בני ישראל ויסעו".
(בשלח)

אַ גרויסער דיכטער האָט אַמאָל געזאָגט: ווען די גאַנצע ליטעראַטור פון דער וועלט זאָל אונטערגיין און עס זאָל נאָר בלייבן שעקספירס „יוליוס צעזאַר", וואָלט די מענטשהייט געהאַט אַ רייכע ליטעראַטור. איך זאָג: ווען די גאַנצע ליטעראַטור זאָל אונטערגיין און „יוליוס צעזאַר" אויך און עס זאָל נאָר בלייבן די פרשה „בשלח", וואָלט די וועלט געהאַט גענוג וואָס צו לערנען און פון וואָס זיך צו באַגייסטערן.

די דאָזיקע פרשה איז דער קלימאַקס, דער העכסטער פונקט אין דער אומשטערבלעכער דראַמע פון יציאת־מצרים, וועלכע פאַנגט זיך אָן מיט יוספס חלומות און ענדיקט זיך מיט „אָז ישיר".

אַלע גאָלדענע מאָמענטן, בריליאַנטענע עפעקטן און רירנדיקע

סצענעס פון „וישב יעקב" ביז די „מכּות בכורות" זײַנען ווי אַ טײַערע שטיקערײַ, וואָס וויקלט זיך אַרום דער פּרשה „בשלח", ווו עס ליגט באַהאַלטן דער סוד פון דעם „פּסח מצרים און פּסח לעתיד".

ווען מיר ווילן פאַרשטיין די טיפקייט און דערהויבנקייט פון דער באַפרײַונג־סדרה, מוזן מיר וואַרפן אַ קורצן, פּסיכאָלאָגישן בליק אויף דעם שקלאַפנפאָלק און זײַן באַפרײַער. ווען מיר וועלן באַגרײַפן דעם כאַראַקטער פון דעם עגיפּטישן קנעכט און די לאַגע פון זײַן פרײַהייט־קעמפער, דאַן וועלן אונדז קלאָר ווערן אַ סך פּסוקים, וואָס מיר קענען אַפילו ניט פאַרשטיין.

וואָס האָט דאָס פאָלק איינגענטלעך געטאָן ביז עס איז געקומען צום ים־סוף? געפינען מיר אונטער דער גאַנצער צײַט פון משהס סכסוכים מיט דעם עגיפּטישן טיראַן, אַז יידן זאָלן דערמוטיקן זייער באַפרײַער מיט אַ גוט וואָרט אָדער מיט אַ לויבנסווערטער טאַט?

קיין צייכן דערפון! אַלץ, וואָס מיר זעען איז „ולא שמעו אל משה" און זיי האָבן משהן ניט געהערט. פון דעם ערשטן מאָמענט, וואָס ער איז אויפגעטראָטן פאַר זײַנע ברידער, ביז צום סוף פון דער גרויסער דראַמאַטישער האַנדלונג האָט דאָס פאָלק גאָר ניט געטאָן פאַר זיך.

די געזונקענע שקלאַפן האָבן אויך ניט געגלויבט, אַז זיי וועלן אַליין דאַרפן עפּעס אויפאָפּפערן פאַר זייער פרײַהייט. זעענדיק די צען מכּות, ווי אַלץ גייט מיט ניסים, האָבן זיי געמיינט, אַז זיי מעגן רויִק שלאָפן און די גאולה וועט קומען סײַ ווי סײַ.

זיי זײַנען געווען אַזוי גײַסטיק געפאַלן, אַזוי מאָראַליש טויט, אַזוי מענטשלעך געזונקען, אַז זיי האָבן גאָר ניט געוואָלט צעברעכן זייערע קייטן, און מען האָט זיי נאָך געדאַרפט צוצאָלן, זיי זאָלן זיך וועלן באַפרײַען. און משה האָט זיי דערלויבט אַנצוכאַפּן ביי די מצרים טײַערע זאַכן אויף קיין מאָל אין לעבן אָפּצוגעבן.

אַ באַווײַז, אַז זיי איז ליב געווען דער יאָך און זיי האָבן גאָר אַוועקגעלייגט די אַרבעט, זיך פאַרלאָזנדיק אויף ניסים און גאָר ניט אויף זיך אַליין — איז זייער פרעטענזיע צו משהן: „המבלי קברים

במצרים לקחתּנו למות במדבר? קאַרג קבֿרים האָט מצרים, וואָס דו האָסט אונדז גענומען שטאַרבן אין דער וויסטע?"

פֿאַרגעסט ניט, אַז אָט די טענות האָבן די ייִדן געהאַט אין עטלעכע טעג אַרום נאָך זייער אַרויסגיין פֿון עגיפּטן, נאָך איידער זיי זײַנען געווען באַפֿרײַט מיט אַן אמת. זיי האָבן שוין געוואָלט גליקלעך יוערן, שוין ניט געוואָלט וואַרטן, נאָר גיין צוריק, צוריק אין יאָך, צוריק זיך לאָזן שפּאַנען. דאָס, וואָס זיי אַרבעטן מער ניט „בחומר ובלבֿנים" און בויען ניט מער קיין „פּתום און רעמסס" פֿאַר פּרעמדע, דאָס איז בײַ זיי געווען פֿאַררעכנט פֿאַר גאָר ניט. שקלאַפֿן! זיי האָבן געקרעכצט און געאַרבעט; געקרעכצט און געקנאָטן ליים; געקרעכצט, און זיך געלאָזט שלאָגן און דריקן פֿון די נוגשים, די עגיפּטישע פֿאָרלײַט [1], באָסעס [2], געקרעכצט און געשלעפּט דעם יאָך פֿון די טיראַנען; געקרעכצט און אײַנגעמויערט זייערע אייגענע קינדער אַנשטאָט ציגל; געקרעכצט און געמאַכט זייער צאָל אַרבעט, זייער „סוועטשאָפּ"־שקלאַפֿערײַ; געקרעכצט און צופֿרידן געווען כּל־זמן זיי האָבן דעם „סיר הבשׂר", דעם פֿולן טאָפּ פֿלייש... די פֿולע דאָניצע [3]... דאָס איז די פּסיכאָלאָגיע פֿון אַ געבוירענעם שקלאַף און דאָס לערנען מיר אין פּרשה „בשלח".

פּונקט ווי די דראַמע „יוליוס צעזאַר" דערגרייכט איר העכסטע שטופֿע דאָרט, ווו שעקספּיר ווײַזט אונדז דעם שוואַכן, אומבאַשטימטן כאַראַקטער פֿון דעם רוימישן שקלאַפֿנפֿאָלק, וואָס גיט באַלד גערעכט ברוטוסן, און באַלד — מאַרק אַנטאָניוסן, אַזוי דערגרייכט אויך די גרעסטע פֿרײַהייט־דראַמע פֿון אַלע דורות איר העכסטע שטופֿע אין „בשלח", ווו דאָס ייִדישע פֿאָלק דערשײַנט אין זײַן גאַנצער וואַקלענדיקער נאַקעטקייט אויסגעקערט מיט דער נשמה דרויסן...

אָבער די ביבל איז גרעסער ווי שעקספּיר און „בשלח" — טיפֿער און העכער ווי „יוליוס צעזאַר". בעת שעקספּיר לאָזט פֿאַלן

[1] וועקמייסטערס. — [2] די הויפּט־אָנפֿירערס, באַלעבאַטים וואָס פֿירן זיך ווי האַרן קעגן שקלאַפֿן. — [3] די פֿאַן.

דעם פאָרהאַנג איבער דער שוואַכקייט פון אַ פאָלק, ווייזט אונדז די ביבל, ווי מען קען דעם פאָלקס שוואַכקייט פאַרוואַנדלען אין גבורה. משה הייבט־אויף דעם אומוויסנדיקן שקלאַף צום ליכט, צו די אייביקע ליכט פון אמת. ער ווייזט זיינע שקלאַפן, אַז ניסים קענען נאָר געשען דאָרט, וווּ דער מענטש גייט האַנט אין האַנט מיט גאָט; האַנט אין האַנט מיט דעם אידעאַל און איז מוכן ומזומן זיך אויפצואָפּפערן פאַר אים.

די ביבל ווייזט אונדז די נשמה פון אַן אמתן העלד, וואָס קען געווינען אַ מענטשהייט און שאַפן אַ נייע וועלט, אַ נייע ציוויליזאַציע.

ווען משה האָט געזען, אַז דער שקלאַף פאַרלירט דעם מוט, אַז ער וויל צוריק אַנטאָן די קייטן, צוריק זיך אומקערן צו זיינע דריי־קערס; ווען דער העלד האָט דערזען די געפאַר, האָט ער זיך אָפּגערופן: „אל תיראו, התיצבו וראו את ישועת השם אשר יעשה לכם היום... השם ילחם לכם ואתם תחרשון: האָט קיין מורא ניט, איר וועט, חלילה, אַליין גאָר נישט דאַרפן טאָן. נישקשה, עס איז דאָ אַ גאָט, ער וועט שוין פאַר אייך מלחמה האַלטן און איר וועט זיך שטיין און קוקן“...

דער העלד האָט געוואַרט אויפן קריזיס, ווען דער שונא וועט שוין זיין אַזוי נאָענט פון הינטן און דער ים — אַזוי נאָענט פון פאָרנט, אַז אומקערן זיך צוריק וועט מיינען טויט, און דער שקלאַף וועט ניט האָבן קיין אַנדער ברירה ווי צו ריזיקירן, איינשטעלן דאָס לעבן און אַריינשפּרינגען אין די כוואַליעס...

און אַזוי איז דאָס טאַקע געווען. ווען דער מאָמענט איז געקומען, האָט זיך אָפּגערופן גאָט צו משהן: „מה תצעק אלי, דבר אל בני ישראל ויסעו!... וואָס איז איצט פאַר קולות? זאָג די קינדער ישׂראל, זיי זאָלן גיין! יאָ, גיין פאָרויס, גיין אין דער טיפעניש, און ניט וואַרטן אויף ניסים און דאַן... דאַן... הרם את מטך ונטה את ידך!“... הייב־אויף דעם שטעקן און לאָז־אַראָפּ מיט כוח, דערלאַנג, זשאַלעווע ניט... מיט גוטן ווערט אַ פאָלק ניט באַפרייט... דו טאָרסט אָבער ניט הייבן דעם שטעקן ביז דו זעסט ניט, אַז דאָס פאָלק איז מיט דיר,

אַז עס איז וויליק זיך צו אָפּפּערן, אַז עס פֿאַרשטייט, אַז עס האָט ניט מער וואָס צו פֿאַרלירן, אַז עס מיינט זײַן באַפֿרײַונג מיט אַן אמת.

אָט דאָס איז אין קורצן דער סוד פֿון דער פּרשה „בשלח״, די גרעסטע וועלטפּאָעזיע פֿון אַלע צײַטן. איר מעגט באַהאַלטן האָמער, שעקספּיר, דאַנטע, מילטאָן און הענרי דזשאָדזש, נאָר לאָזט אונדז די פּרשה „בשלח״ און איר האָט דער וועלט גאָר ניט געשאַדט. אין „בשלח״ ליגט די געהיימעניש פֿון דעם פּסח מצרים און פּסח לעתיד, דער פֿרײַהייט־פּסח פֿון דער גאַנצער מענטשהייט, און אָט אין די פּאָר בלעטלעך ליגט די פֿילאָסאָפֿיע פֿון אַלע רעוואָלוציעס און אַלע גאולות, וואָס זײַנען געווען און דאַרפֿן זײַן ביז צום סוף פֿון די דורות.

## די קראַפֿט פֿון שיינקייט

אַ כּפּרה אַלע מעשׂה־ביכלעך און טעאַטער־שטיקער פֿאַר איין קורץ מעשׂהלע פֿון אַלטע צײַטן. און אָט דאָס מעשׂהלע איז גישט קיין פֿאַרפֿאַסונג פֿון אַ דיכטער. דער מחבר פֿון „ראָמעאָ און יוליאַ״ איז נאָך דעמאָלט ניט געווען. אָט אַזעלכע מעשׂהלעך פֿלעגט מען זיך אַמאָל, גאָר אַמאָל, דערציילן בין מנחה למעריבֿ אין די ווײַנ־גערטנער פֿון עין גדי. שפּעטער האָט זיי אויפֿגענומען דער מדרש תנחומא.

און עס האָט פּאַסירט — דערציילט דער מדרש — אַז זליכה, פּוטיפֿרס לוסטיקע, שיינע ווײַב, האָט געמאַכט אַ מאָלצײַט פֿאַר אירע חבֿרטעס און פֿרײַנדינעס, די סאָסייעטי־לײדיס[1] פֿון עגיפּטן, און זי האָט גערופֿן איר טײַערסטן און האַרציקסטן קנעכט.

— יוסף! יוסף! — האָט זי גערופֿן מיט אַ קלאַפּעדיקן האַרץ.

---

[1] (ענגליש) געזעלשאַפֿטלעכע דאַמעס.

זי האָט ניט געקענט דער־מאָנען יוספֿס נאָמען גלײַכגילטיק.

יוסף איז געקומען. זליכהס אויגן האָבן אַ פֿינקל געטאָן...

— הער־צו, מײַן גוטער קנעכט! — האָט די הייסבלוטיקע עגיפּ־טערקע געזאָגט מיט אַ פֿײַער צו דעם יונגן העברעער — איך וויל איבערראַשן די פֿרויען פֿון מצרים מיט אַ גרויסאַרטיקער סעודה. דו זאָלסט די סעודה צוגרייטן... פֿול־אָן די קרוגן מיט דעם בעסטן ווײַן און די זילבערנע טאַצן מיט ניס, מאַנדלען, טייטלען, באָקסער און אתרוגים... גיי, טו, וואָס איך האָב דיר געהייסן, וואָס איך האָב דיך געבעטן.

יוסף האָט זיך טיף פֿאַרנייגט און איז אַרויס. זליכה האָט אים נאָכגעקוקט...

*

דער גרויסער זאַל ווערט פֿול מיט די שיינע דאַמעס פֿון פּרעהס הויף. די שווערע זײַדענע שלעפּעס פֿון זייערע פּירשטלעכע קלייד־ער רוישן דורך די מאַרמאָרנע טרעפּ און ציִען זיך דורך די קרישטאָ־לענע זײַלן. די גאָלדענע טרעפּ גלימצערן[2] אין העלן שײַן פֿון די ברענענדיקע שטורקאַצן. זעלטענע בריליאַנטן בליצן, בליאַסקען אין די אויגן. און די געטער זײַנען פֿאַרפּוצט מיט ווײַנטרויבן און בלומען.

— יוסף! — האָט זליכה אַ רוף געטאָן מיט אַ שטימע, וואָס האָט מער געגלעט ווי באַפֿוילן — יוסף!...

אַ דיקער עגיפּטישער פֿאַרהאַנג, געשטיקט מיט גינגאָלד און באַלייגט מיט זילבערנע טרעסן[3], האָט זיך האַסטיק פֿונאַנדערגע־רוקט און עס האָט צוויי מאָל אַ בליץ געטאָן — דאָס האָבן זיך באַ־וויזן יוספֿס אויגן.

— יוסף, מײַן גוטער קנעכט... — האָט זליכה געזאָגט — דו זאָלסט פֿאַרבלײַבן דאָ אין זאַל באַדינען מײַנע געסט. דאָס איז אַ גרויסער טאָג.

יוסף האָט זיך פֿאַרנייגט.

---

[2] גלאַנצן. — [3] שפּיצן.

דער פֿאָרהאַנג האָט זיך פֿאַרצויגן און דער קנעכט איז צוגע־טראָטן צום טיש...

וואָס מיינט איר איז געווען דער סוף פֿון דער סעודה? פֿרעגט דעם מדרש! ער וועט אײַך דערציילן, דער מדרש. ער האָט אַ זעלטענע גבֿורה אין דערציילן מעשׂיות. און דער סוף איז נאָך שענער פֿון דעם אָנפֿאַנג. הערט זיך אײַן!

עס גיסט זיך בלוט פֿון די שיינע פֿרויענהענט, פֿאַרפֿלעקט די קאָסטבאַרע שטיקערײַען. דאָס אימפּאָרטירטע ראַצעמאָרע[4] פֿון צור און צידון, די טײַערע קליידער זײַנען רויט פֿון דעם זודיקן זאַפֿט פֿון די שיינע עגיפּטערקעס... זיי האָבן מיט די מעסערס נישט גע־שניטן די אתרוגים. זיי האָבן זיך געשניטן די פֿינגער... זיי האָבן דאָס גאָר ניט געפֿילט און געשניטן, און געשניטן אַלץ טיפֿער און טיפֿער, און דאָס בלוט איז גערונען, גערונען און גערונען...

— מײַנע טײַערע פֿרײַנדינעס! — האָט זליכה אויסגעשריִען דערשראָקן, באַמערקנדיק וואָס זיי טוען — מײַנע טײַערע פֿרײַנדי־נעס, זעט ווי אײַערע פֿינגער בלוטן... איר האָט פֿאַרפֿלעקט אײַערע פּירשטלעכע קליידער, פֿאַרפֿלעקט אײַערע ווײַסע זײַדענע סאַנדלשיך. איר בלוטיקט, בלוטיקט, מײַנע פֿרײַנדינעס!

— דאָס איז די שולד פֿון דײַן קנעכט! — האָבן זיי געענטפֿערט דערשראָקן און פֿאַרשעמט. — דאָס איז די שולד פֿון דײַן דינער. מיר האָבן אין אונדזער גאַנצן לעבן אַזאַ פֿאַרשוין נישט געזען. מיר האָבן זיך פֿאַרטיפֿט אין זײַן שײַנענדיקן פּנים און פֿאַרגעסן אין די מעסערס...

— קיין וווּנדער! — האָט זליכה געזאָגט — איך בלוטיק אויך...

---

[4] גלאַנציקער שטאָף, כמו זייד.

## זעלבשוץ

אָ, איר קליינע ליכטעלעך!
איר דערציילט געשיכטעלעך,
מעשהלעך אָן צאָל;
איר דערציילט פון בלוטיקייט,
בריהשאַפט און מוטיקייט,
וואונדער פון אַמאָל.

ליכט! ליכט! ליכט!
עס איז ליכטיק אין דעם ייִדישן קוואַרטאַל.
— עס איז חנוכה.
— חנוכּה? וואָס איז דאָס אַזוינס?

אַט וואָס דאָס איז: פאַרן הולטײַ איז דאָס אַ יום־טובֿ פון קאָרטן שפּילן, פאַרן זולל וסובֿא — אַ וואָך פון לאַטקעס, פאַרן פאַנאַטיקער — אַ מעשה מיט ניסים, פאַרן מוכר־ספרים — אַ קעשענע מיט קליינ־געלט, פאַר די כּלי־קודש — אַ פעטער יאַרמאַרק; פאַר דעם דענקער אָבער איז דאָס די „יאָרצײַט“ נאָך די העלדן פון דער „סאַמאָאָבאָ־ראָנאַ“ [1], פון דער זעלבשוץ־געזעלשאַפט פון דעם ייִדישן פאָלק.

פאַר דעם דענקער זײַנען די ייִדישע גיבורים אין רוסלאַנד ניט מער ווי אַ פאָרזעצונג פון זייערע אַמאָליקע ברידער, די מאַקאַבייער, וואָס האָבן אויך געקעמפט קעגן בלוטיקע יוונים און שונאי ישׂראל.

ביידע, אי די אַמאָליקע, אי די איצטיקע העלדן, זײַנען אַרויס־געטראָטן קעגן דעם שרעקלעכן מלכות יוון הרשע, וואָס האָט באַ־שלאָסן צו מאַכן אַ תּל פון די ייִדן.

די איראָניע פון דער געשיכטע!

מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק האָבן ייִדן אָנגעפאַנגען זייער קאַמף קעגן יוונים און ערשט איצט ענדיקן זיי אים. עס לעבן נאָך ביידע:

[1] (ר׳) זעלבשוץ, אַליין־פאַרטיידיקונג (אָן דער הילף פון דער פּאָליציי).

דער יוון און דער מאַקאַבייער. און דער צוואַנציקסטער יאָרהונדערט וועט אַנטשיידן דעם זיג.

„על הניסים ועל הנפלאות"... כאַפּט ניט! וואָס פאַר ניסים זײַנען דאָס דעמאָלט געווען? וועלכע וווּנדער זײַנען געשען? וועלכע איבערנאַטירלעכקייטן? זײַנען אַראָפּגעקומען מלאָכים פון הימל זיך אָננעמען פאַר ייִדן? האָבן די שטערן געשאָסן מיט פײַער? זײַנען נשתּנה געוואָרן די מעשׂי בראשית? חלילה!

די יוונים זײַנען באַפאַלן ארץ־ישׂראל ווי די היישעריקן. זיי האָבן אײַנגענומען ירושלים, פאַרוויסט דעם בית־המקדש, פאַראומרייניקט דאָס לאַנד מיט געצן, אונטערגעדריקט די ייִדישע שפּראַך, געמאַכט פאַגראָמען אויף ייִדיש אייגנטום, געפּײַניקט אַלטע לײַט, פאַרגוואַלדיקט פרויען און געהרגעט קינדער.

עס זײַנען קיין ניסים ניט געשען.

און וואָס מער דאָס פאָלק האָט געשוויגן, האָט די טיראַניע געהערשט, ביז עס האָט זיך פאַרוואָלט דעם הויפּט פון יענע יוונים, אַז אַ ייִדישער כּהן זאָל מקריבֿ זײַן אַ חזיר אויפן מזבח.

עס זײַנען קיין ניסים ניט געשען.

אָבער אַ פאָלק באַשטייט ניט פון לויטער דינע ריטלעך, וואָס לאָזן זיך בייגן. אין דעם וואַלד פון אַן אומה געפינט זיך אויך דער שטאַרקער דוב, דער מעכטיקער אייכנבוים, וואָס לאַכט פון שטורעם און געוויטער.

די יוונים האָבן געהייסן און דער כּהן האָט געפאָלגט. אַ ריטל איז ער געווען, האָט ער זיך געבויגן...

דאָס פאָלק האָט געשוויגן, דער טיראַן האָט געקוואָלן, דער הימל איז געווען צו הויך, די מאַסע — צו נידעריק, דער מענטש צו שוואַך און דער שׂטן צו שטאַרק.

אָבער דער העלד האָט געוואַכט. דער קערן פון חנוכּה האָט געשלומערט אין אַ האַרץ און דאָס האַרץ האָט געוואַכט.

ניט די בהמה טמאה, וואָס איז געלעגן אויפן מזבח, איז געווען

דער קרבן, נאָר דער טמא נפֿש, וואָס האָט עס געוואָלט מקריבֿ זײַן און דער רשע, וואָס האָט דאָס געפֿאָדערט.

די ברכה איבער זײַן שמוציקן אָפּפֿער איז פֿאַרגליווערט געוואָרן בײַם זינדיקן פּריסטער אויף די ליפּן. די שווערד פֿון די מאַקאַבייער האָט דורכגעלעכערט זײַן זינדיקע ברוסט.

דער ים־ראָר האָט זיך געבויגן און האָט זיך שוין מער נישט אויסגעגלײַכט...

די שווערד האָט באַוויזן דעם נס. אַ טויט פֿאָלק איז פּלוצלינג אויפֿגעשטאַנען תּחית־המתים. דער שם המפֿורש פֿון דעם העלדישן גײַסט האָט פֿאַרקערט ריטלעך אין דעמבעס, שוואַלבן זײַנען אָדלערס געוואָרן און ציקעלעך — אַנגרײַפֿנדיקע חיות.

אָבער פֿאַרפֿאַלן! עס איז דאָך געווען אַ נס מן השמים און מען האָט אונדז דאָך אַרײַנגעשמוגלט דעם על הניסים אין סידור.

אפֿשר דערפֿאַר רעכנט מען דאָס ניט די געשיכטע מיט די מאַקאַבייער צווישן די הייליקע שריפֿטן, וועלכע שוויבלען און גריבלען מיט איבערנאַטירלעכע וווּנדער. ווי קומט אין אַ הייליקער שריפֿט אַ מעשׂה מיט קולאַקעס, מיט ייִדישע קולאַקעס, וואָס האָבן זיך געהויבן אויף זייער אייגענעם חשבון און האָבן פּשוט באַזיגט דעם שׂונא מיט מענטשלעכע כּוחות?

סטײַטש, ווו איז גאָט געווען?

ביז די מאַקאַבייער האָבן ייִדן געהאַט זייער פֿאַרטיידיקונג אין הימל. אַלע נצחונות, ביז יענער צײַט, זײַנען פֿאַרשריבן אין תּנ״ך. פֿון דעם אַלטן יוחנן כּהן גדול אָבער, דעם העלדישן טאַטן פֿון יהודה המכּבי, פֿאַנגט זיך אָן די מאָדערנע געשיכטע פֿון ייִדישער זעלבסט־פֿאַרטיידיקונג.

די געשיכטע פֿון די חשמונאים איז די געשיכטע פֿון פּראָגרעס.

די מאַקאַבייער זײַנען געווען די ערשטע זאַך־באַוווּסטע ייִדן, וואָס זײַנען אויפֿגעטראָטן מיט וואָפֿן אין די הענט קעגן אַן אויסגערעכנטן שׂונא.

יאָ, דאָס און ניט עפּעס אַנדערש איז די סיבה פֿאַר וואָס מען

האָט אָט די העלדן־געשיכטע ניט אַרײַנגענומען אין תנ״ך. זי איז ניט גענוג הייליק, כאָטש מען שלאָגט זיך דאָרט פֿון גאָטס וועגן, און מען האָט דאָס איבערגעלאָזט צווישן די אַפּאָקריפֿן, די נאָך־ביב־לישע שריפֿטן. אין יענע ניט־הייליקע זאַכן, וואָס טאָרן ניט געבונדן ווערן צוזאַמען מיטן תּנכל, געפֿינט זיך אויך די געשיכטע פֿון יהודית און האָלאָפֿערנוס; דאָרט ווערט דאָס דערציילט די העלדישקייט פֿון דער יידישער יונגפֿרוי פֿון אָרלעאַנס, די זשאַן ד׳אַרק פֿון ארץ־ישׂראל.

*

טויזנטער יאָרן נאָך אַנאַנד האָבן יידן געוואַרט אויף ניסים און האָבן פֿאַרלאַכט אין זיך דעם גײַסט פֿון די מאַקאַבייער. דורות לאַנג האָבן זיי פֿאַרביטן די שווערד אויף קריכערישע שתּדלנות.

זיי האָבן געפֿײַערט דעם נס חנוכּה און האָבן אַלץ געהאַט אין זינען, אַז „אַלע ימים־טובֿים וועלן בטל ווערן, נאָר פּורים וועט בלײַבן״. די ניסים וועלן קיין מאָל ניט אונטערגיין.

איצט אָבער הייבן זיי אָן ביסלעכווײַז צו פֿאַרשטיין, אַז ניט פּורים, נאָר חנוכּה וועט בלײַבן. ניט תּעניתים, געוויין און געבעט, ניט שתּדלנות פֿון שיינע נקבֿות, ניט מה־יפֿית ניגונים פֿאַרן פּריץ, ניט כאַבאַר און מתּנות וועלן ראַטעווען דעם ייד, נאָר זײַן אַכטונג צו זיך אַליין.

ניט די ספֿר־תּורה וועט ראַטעווען דעם קולאַק, נאָר דער קולאַק וועט ראַטעווען די ספֿר־תּורה. די שווערד און נישט די יאַרמלקע וועט שיצן דעם ייד אין די בלוטיקע לענדער פֿון זײַנע שׂונאים.

*

ניט די איצטיקע יוונים, נאָר זייערע פֿינצטערע אָבֿות האָבן אונדז שוין אַרויסגעטריבן פֿון געדולד און געצוווּנגען צו נעמען אַ שווערד אין האַנט, אָבער דער ייד האָט דאָס שפּעטער פֿאַרגעסן.

זײַן אייגענע שוואַרצע מאה [2], זײַנע טרוסן [3], זײַנע פֿאַלשע

---

[2] רעאַקציאָנערע באַנדעס, כוליגאַנעס אָרגאַניזירטע פאַר אַקציעס. — [3]. פּחדנים.

נביאים און זײַנע שטענדיקע פֿאַרפֿירערס האָבן אים געהייסן האָפֿן און וואַרטן, מתפּלל זײַן און בעטן, אָבער ער איז איצט ענדלעך ווידער אַרויס פֿון זײַן געדולד און געלאָזן זײַן כּלי־זיין אויסגלײַכן זײַנע סכסוכים.

— על הניסים ועל הנפֿלאות!

די פּאָעזיע פֿון דעם ביסעלע בוימאייל אין בית־המקדש, וואָס האָט „דורך אַ נס געברענט פֿולע אַכט טעג", איז זייער שיין, אָבער אָט דער נס איז נאָר געשען דעמאָלט, ווען דער בונד פֿון די מאַקאַבייער האָט פֿאַרטריבן דעם שונא, באַפֿרייט ירושלים, באַנײַט דעם טעמפּל און אַרויסגעוואָרפֿן די געצן.

ערשט דעמאָלט האָט דאָס ביסעלע בוימאייל, וואָס איז געווען אין דעם פֿאָלקס בית־המדרש, זיך פֿונאַנדערגעפֿלאַקערט, געברענט און געברענט אַ לאַנגע צײַט, און עס ברענט נאָך, און ברענט איצט אויך, און וועט אייביק ברענען...

*

— הנרות הללו קודש הם!

„די דאָזיקע חנוכּה־ליכטלעך זײַנען הייליק. מען טאָר זיך מיט זייער שײַן ניט באַדינען".

נאַטירלעך טאָר מען פֿאַר זייער שײַן ניט לייענען קיין פֿינצטערע צײַטונגען, וואָס שעלטן אונדזערע מאַקאַבייער... ניט שרײַבן קיין הכשרים אויף די טריפֿענע זאַכן, ניט שפּילן אין קאָרטן און ניט ציילן קיין גנבֿיש געלט.

עס איז אָבער אַ מצווה נעבן די חנוכּה־ליכטלעך אָנצולאָדן אַ רעוואָלווער, צו לייענען רעוואָלוציאָנערע שריפֿטן, צו רעכענען די נדבֿות אויף וואָפֿן פֿאַר די רוסישע ייִדן און — צו שרײַבן דעם דאָזיקן פֿעליעטאָן.

— הנרות הללו!

איך קוק אויף די חנוכּה־ליכטלעך און אַ פֿרייד גייט מיר דורכן האַרצן. ענדלעך האָט מען זיי פֿאַרשטאַנען. זינט לאַנגע דורות ווי זיי לײַכטן און ווינקען, און רײדן, און ערשט איצט האָט מען קוים

באַגריפֿן, וואָס זיי זאָגן און ווילן, און מען פֿאָלגט זיי.

חנוכּה — וואָס פֿאַר אַ שיינער יום־טובֿ דאָס איז! נעמט מיר צו אַלע ימים־טובֿים און פּורים דעם ערשטן, נאָר לאָזט מיר מײַן חנוכּה! נעמט מיר צו דעם פּורים! איך טרינק ניט קיין בראָנפֿן זיך אַליין צו פֿאַרטומלען און איך האַלט ניט פֿון דרייען צו פֿאַרטויבן אַ צווייטן.

לאָזט מיר מײַן חנוכּה, דעם הייליקן אָנדענק נאָך מײַנע מאַקאַ־בייער, נאָך מײַנע טײַערע באַליבטע העלדן פֿון אַמאָל און איצט. לאָזט מיר מײַן חנוכּה, די יאָרצײַט נאָך ייִדישער גבֿורה, ייִדישן נצחון, ייִדישן זעלבסטרעספּעקט און דערהויבענעם שטרעבן.

זאָלן זיי אייביק ברענען, די הייליגע חנוכּה־ליכטלעך, דער סימ־באָל פֿון מענטשן־ווערדע און מענטשלעכקייט! זאָלן זיי אייביק ברע־נען און מיר דערמאָנען מײַן יוחנן כּהן גדול, מײַן יהודה המכּבי מיט זײַנע ברידער, מײַן קעשעניעווער שמש, מײַן ליבאַרסקי און נאָך, און נאָך גרויסע, שטאַרקע נשמות, וואָס זײַנען געפֿאַלן אויף קידוש־השם, געפֿאַלן פֿאַר דער מענטשהייט, געפֿאַלן אויף אייביק צו שטיין!

אָ, נעמט מיר צו מרדכיס זאַק מיט אַש פֿון קאָפּ, דאָס פּאַסטעניש און די טויטשרעק פֿון אחשוורושעס ייִדן, און גיט מיר דעם מאַקאַ־בייערס לאָרבערקראַנץ, דעם אייביק גרינעם לאָרבער פֿון זעלבסט־דערקענטעניש און העלדנמוט.

אָ, נעמט מיר צו די „מגילה" און גיט מיר די שווערד און דעם פּאַנצער. איך וועל בעסער פֿאַלן ווי אַ לייב איידער קריכן ווי אַ וואָרעם.

און איר, ייִדן, וואָס בענטשט חנוכּה־ליכט, האָט אין זינען די גבֿורות און ניט די „ניסים", דעם קאַמף און ניט די „מה־יפֿית". ווען איר מאַכט די ברכה „להדליק נר של חנוכּה", טאָ האָט אין זינען אײַערע מאַקאַבייער פֿון אַלע צײַטן. די וואָס האָבן געקעמפֿט קעגן דער „מלכות יוון הרשע" און קעגן אַנדערע מלוכות און הערשאַפֿטן פֿון בלוטיקע רשעים, קעגן אַלע טיראַנען פֿון אַלע דורות.

## פאַנטאַזיע

איינע פון די הויפּטזאַכן, וואָס ניט אַלע ווייסן ווי אָפּצושאַצן, איז די מענטשלעכע פאַנטאַזיע.

— דו ביסט אַ פאַנטאַסט! — וועט מען איינעם צוּוואַרפן ווי אַ חרפּה. מען וועט ניט טאַדלען אַ מענטשן מיט די ווערטער דו דענקסט, דו פילסט, דו הערסט אָדער דו רעכנסט, מען וועט אים אָבער צו־שטעקן ווי אַ שאַנד די ווערטער „דו פאַנטאַזירסט“, פּונקט ווי די פאַנטאַזיע וואָלט זיך אַרומגעוואָלגערט אויפן מיסט און יעדער נאַ־רישער יונג וואָלט דאָס געקענט אויפהייבן און באַניצן.

פאַנטאַזירן — גלייבט דער עם־הארץ, דאָס פאַרעוועט מענטשל, וואָס גייט זיין געוויינטלעכן אָקסנגאַנג און זעט ניט ווייטער ווי זיין נאָז — איז משוגעת. פאַנטאַזירנדיק, מיינט ער, קען מען גאָר ביט אויפטאָן, גאָר ניט דערגרייכן, און מען דולט זיך נאָר אומזיסט אַ מוח.

דער אומוויסנדיקער מענטש איז זיכער, אַז די פאַנטאַזיע איז אַן איבעריקע זאַך און גאָט האָט געהאַט אַ ביטערן טעות, ווען ער האָט אָט אָ די לופטיקע בריאה באַשאַפן.

נו, פרעגט זיך די פראַגע: זיינען די נאַרישע יונגען גערעכט מיט זייער מיינונג, אַז די פאַנטאַזיע איז איבעריק, אַז זי האָט גאָר ניט אויפגעטאָן און וועט ניט אויפטאָן? אַ פּראָסטער, אומגעבילדע־טער מענטש קען אויך אַ מאָל גערעכט זיין. מען דאַרף ניט זיין קיין פּראָפעסאָר צו זאָגן אַ גלייכע זאַך. איז אָבער דער פּראָסטאַק גערעכט מיט זיין פאַרלאַכן און באַליידיקן דעם פאַנטאַזיע־מענטש, דעם מענטש מיט דער גרויסער פאָרשטעלונגס־קראַפט?

נאַטירלעך, ווען די וואָס מאַכן זיך לוסטיק איבער דער מענטש־לעכער פאַנטאַזיע וואָלטן געוווּסט, אַז זיי לאַכן פון זיך אַליין; ווען זיי וואָלטן פאַרשטאַנען, אַז זיי אַליין פאַרגעטערן פאַנטאַזיעס און פאַנטאַזיאָרן, אַז זיי אַפּלאָדירן פאַנטאַזיע, וואָלטן זיי געהאַט אַ גאַנץ אַנדערן באַגריף איבער דער דאָזיקער הימלשער טאָכטער, וואָס וווינט אין די מוחות פון אומשטערבלעכע.

נעמט־אַוועק דעם מענטשלעכן כּוח־הדמיון, נעמט־אַוועק פון דעם מענטש די פאַנטאַזיע, און די וועלט בלײַבט אַ שטאַל מיט בהמות. דאָס איז די פאַנטאַזיע, וואָס האָט דעם שטאַרקן כּוח אונדז אַרויפצוגעמען אויף אירע פײַערדיקע פליגלען, אויפהייבן און אַוועקטראָגן אין די העכסטע און ווײַטסטע ספערעס, ווו מיר געניסן די הייליקסטע באַגײַסטערונג און אַנטציקונג און זעען פאַרווירקלעכט אַלע אונדזערע אידעאַלן.

איידער דער מענטש האָט געדענקט, האָט ער פאַנטאַזירט, דורך זײַן פאַנטאַזירן איז ער געקומען צום דענקען. דער געדאַנק איז דאָס קינד פון דער פאַנטאַזיע. יעדער פּראַקטישער אויפטו, יעדע גרויסע דערפינדונג האָט אַחוץ איר קאַלטע, טעכנישע אויסרעכענונג אויך איר פאַנטאַסטישע זײַט, יעדער דערפינדער מוז זײַן ביז אַ געוויסן גראַד אַ פאַנטאַסט.

און איז ניט די פאַנטאַזיע מעכטיקער ווי די וויסנשאַפט? האָט ניט די פאַנטאַזיע מער אַנהענגערס, מער חסידים ווי דער קאַלטער פאַרשטאַנד? נעמט אַלע פעלקער און זאָגט, צי זיי האָבן ניט אין זיך מער רעליגיעזע מענטשן ווי וויסנשאַפטלעכע, און אויף וואָס באַרוען אַלע רעליגיעס, אויב ניט אויף פאַנטאַסטישע מעשׂיות? די באַשאַפערס פון גלויבנס און זייערע תּלמידים זײַנען געווען די גרעסטע פאַנטאַסטן; זיי האָבן געזען מערקווערדיקע וויזיעס; זייער פאַנטאַזיע האָט געאַרבעט טאָג און נאַכט און באַזיגט די וועלט. די באַפליגלטע פאַנטאַזיעס פון משה, בודאַ, קריסטוס, מחמד זײַנען געווען אַזוי מעכטיק, אַז אַפילו די וויסנשאַפטן פון דער נײַער צײַט קענען זיי ניט צעשטערן. זייער אײַנבילדונג האָט געוווּנען די וועלט, וועלכע קען זיך פון זיי ניט באַפרײַען. די פאַנטאַזיע איז שטאַרקער ווי די ווירקלעכקייט; זי האָט אַ גרעסערע ווירקונג אויף דעם מענטשלעכן גײַסט און זי ברענגט אויך נוצן.

אָן דער פאַנטאַזיע וואָלטן מיר ניט געהאַט קיין ישעיה, קיין יחזקאל, קיין האָמער, קיין דאַנטע, קיין שעקספּיר, קיין געטהע און קיין פּאָ. אָן דער פאַנטאַזיע וואָלטן מיר ניט געהאַט קיין ראַפאַעל,

קיין מיקל אַנדזשעלאָ און קיין ביעגאַזש. אָן דער פֿאַנטאַזיע וואָלטן מיר ניט געהאַט קיין ביבליאָטעקן, קיין קונסט־מוזייען, קיין אָפּערע־הײַזער און קיין טעאַטערס און — ווער ווייס? אפֿשר אויך ניט קיין כעמישע לאַבאָראַטאָריעס און קיין טעכנישע אינסטיטוטן. דורך דעם פֿאַנטאַסטישן, מענטשלעכן בלאָנדזשען אין דער אַלכעמיע, זוכנדיק דעם חלום פֿון אַן „אייביקן לעבן" און נאָך אַנדערע חלומות, איז דער מענטש געקומען צו דער גרויסער וויסנשאַפֿט פֿון כעמיע, וואָס אירע נוצן איז ניט אָפּצושאַצן.

די וויסנשאַפֿט איז די שטאַרקסטע כּלי־זיין צו געווינען די מענטשן פֿאַר גרויסע אידעאַלן. מענטשן עמי־הארצים, הפֿקר־יונגען און לצים לאַכן פֿון דער דאָזיקער געטין; זיי מוזן אָבער דאָך קניִען פֿאַר איר וווּנדערלעכן כּישוף.

צו אַלץ מוז מען באַניצן פֿאַנטאַזיע און פֿאַרשטעלונגס־קראַפֿט. אַפֿילו צו אַזאַ פּראַקטישער לערע ווי דער סאָציאַליזם, וואָס האָט נאָר מערסטנס צו טאָן מיט סאָציאַלער עקאָנאָמיע און אַנדערע ערנסטע לעבנס־פֿראַגעס, מיט ברויט און פּוטער.

אָט שטייט אויף דער פּלאַטפֿאָרמע אַ באַגײַסטערטער סאָציאַ־ליסטישער אַגיטאַטאָר, וואָס וויל געווינען דעם עולם פֿאַר זײַן אי־דעע. זײַנע שיך זײַנען היפּש אויסגעדרייט; זײַנע הויזן, במחילה, שטאַרק אָפּגעניצט; זײַן רעקל איז טאַנדעטנע און ערטערווײַז צע־דריוולט; ער איז אפֿשר ניט זאַט אויך. ער איז אָבער פֿול מיט התלהבֿות, מיט רוח־הקודש. זײַן גוף איז פֿאַרדעקט מיט אָרעמקייט, אָבער זײַן נשמה שימערירט אין דעם פֿלאַם פֿון העכערע וועלטן. ער שטייט און שילדערט די פֿאַרגעניגנס, די ברייטקייט, ליכטיקייט און צופֿרידנקייט פֿון דער צוקונפֿטיקער געזעלשאַפֿט, וואָס איז נאָך דערווײַל ניט מער ווי אַ חלום, אַ פֿאַנטאַזיע. אין זאַל, ווו ער רעדט און היצט זיך, איז טונקל, פֿאַרשטיקט און ברודיק, אָבער זײַן פּראָ־פֿעטישער געדאַנקען־בליק איז פֿאַרטיפֿט אין דער ווײַטער צוקונפֿט. און פּונקט ווי דער פֿראַנצייזישער פּאָעט־פֿילאָסאָף וואָלטער האָט זיך געקענט אין מיטן ווינטער באַגײַסטערן פֿון פֿרילינג און אים באַ־

שרײַבן מיט אַזאַ קראַפֿט, פּונקט ווי אין מיטן מײַ, אַזוי שילדערט דער באַגאַבטער רעדנער די בליִענדיקע קווייטן פֿון דעם פֿרילינג, פֿון דער צוקונפֿטיקער געזעלשאַפֿט. ער זעט יענע גליִענדיקע רויזן דורך דעם טיפֿן שניי, דורך דעם קאַלטן, האַרצלאָזן ווינטער פֿון דער איצטיקער אוממענטשלעכער אָרדענונג. מיט דער הייליקער פֿאַרשטעלונגס־קראַפֿט פֿון אַ באַגײַסטערטן פּאָעט שילדערט ער אַ נײַ לעבן, וואָס דאַרף נאָך קומען, און די צוהערערס אַפּלאָדירן. דער גאַנצער זאַל איז פֿול מיט פֿאַנטאַזיע, פֿול מיט הימלישער התפּעלות, פֿול גליק און נחת. דער רעדנער ווײַזט מיט זײַן פֿאַנטאַזיע־פֿינגער, ווי זאַטע, צופֿרידענע און פֿריילעכע בחורים און בתולות טאַנצן אין די פֿרײַע, שטאָטישע לוסטגערטנער, אונטער חופּות פֿון בלומען און גרינע, בליִענדיקע צווײַגן; ווי די פֿרײַע שטאָט־קאַפּעליעס פֿון געבוירענע קינסטלערס שפּילן קלאַסישע מוזיק־שטיקער, און ווי די געזאַנג־פֿייגל, וואָס רײַכע הולטײַסקע ספּאָרטלײַט האָבן נית אויסגעשאָסן פֿאַר פֿאַרגעניגן, גיסן־אַראָפּ זייערע זיסע, העלע טרילערס פֿון די צווײַגן.

די אָרעמע, בלייכע, הונגעריקע צוהערערס אין דעם זאַל, הערן די וווּנדערלעכע שילדערונג, זיי פֿאַרגעסן זייער איצטיקן עלנט און יאָמער; פֿאַרגעסן ווו זיי זײַנען, דאָס גאַנצע, אומגליקלעכע, דערשלאָגענע, פֿאַרצרהטע און פֿאַרזאָרגטע פּובליקום פֿאַרזעצט זיך אין יענער שמייכלענדיקער לאַגע, אין יענעם העלן, האַרמאָנישן לעבן. יעדער בליק שטראַלט־אויף; יעדער אויער איז אָנגעשטרענגט צו הערן די צוקונפֿט־מוזיק; יעדעס האַרץ פֿאַנגט־אָן האַסטיקער צו קלאַפּן. די צוקונפֿט לעבט: זי אָטעמט מיט האָפֿענונג און בשׂמים, זי גייט, זי קומט, זי בענטערט זיך, זי דערשײַנט, זי איז דאָ! זי איז דאָ! דער חלום איז מקוים געוואָרן, ער איז אַ פֿאַקט; זיי באַגריסן אים; זיי קעמפֿן פֿאַר אים; זיי זײַנען גרייט פֿאַר אים צו שטאַרבן!...

אָ, הייליקע פֿאַנטאַזיע! אָ, הימלישע אײַנבילדונגס־קראַפֿט! אָ, געטלעכע פּאָעזיע!

דאָך לײַכטזיניקע מענטשן, שוטים און לצים, וואָס קרימען זיך

אויף דער פֿאַנטאַזיע, אויף פּאָעטישע פֿאָרשטעלונגס־קראַפֿט, וועלן אָפּלאַכן פֿון דעם דערהויבענעם צוקונפֿט־בילד אויף דער פֿאַרזאַמלונג פֿון פּראָלעטאַריערס. זיי וועלן מאַכן אַ שמוציקע קאַריקאַטור און פֿאָרשטעלן דעם גרויסאַרטיקן רעדנער פֿאַר אַ צעטראָגענעם, ווילדן, משונהדיקן פֿאַנטאַזיאָר און דעם גאַנצן עולם פֿאַר משוגעים.

די אונטערשטע שורה איז: זײַט פֿאָרזיכטיק מיט אײַער באַלײדיקן די פֿאַנטאַזיע און באַטראַכטן אירע ליבלינגס פֿאַר גערירטע מוחות. די גאַנצע וועלט מיט איר באַשאַף איז ניט מער ווי אַ פֿאַנטאַזיע פֿון אַ באַהאַלטענעם טרוימער. די נאַטור אַליין פֿאַנגט־אָן צו טרוימען ווינטער פֿון דעם קומענדיקן פֿרילינג, ווײַל אַנדערש וואָלט זי ניט געקענט פֿאַרטיק ווערן. דער פֿאַרמער וואַרפֿט־אַרײַן זײַן זריעה אין דר׳ערד איבערן ווינטער, ער זיצט אויף זײַן פֿאַרשנייטן פֿעלד און פֿאַנטאַזירט פֿון דער קומענדיקער בליִונג, פֿון די פֿעטע זאַנגען און פֿולע זאַשיקעס [1]. אַרײַנלייגן אַ קאַרטאָפֿל אין דר׳ערד איז אַ פֿאַנטאַזיע. דאָס איז די פֿאַנטאַזיע פֿון אייביקן ווערן און זײַן, די פֿאַנטאַזיע פֿון פּראָגרעס. די פֿאַנטאַזיעס פֿון הײַנט זײַנען מערסטנס די ווירקלעכקייטן פֿון מאָרגן און די, וואָס שטעקן־אַרויס אַ שוואַרצע צונג די פּאָעטן און פּראָפֿעטן פֿון דער מענטשהייט, וועלן פֿאַרשווינדן ווי אַ רויך אין דעם תוהו־ובוהו פֿון זייערע אייגענע אומגעלומפּערטע לצנות. דער נביא יחזקאל מיט זײַן פֿאַנטאַסטישער „מעשׂה מרכּבה“, וועלכע ווײַזט אים גאָט אַליין אין זײַן גאַנצער מאַיעסטעטישער דערהויבנקייט, לעבט און וועט אייביק לעבן, אָבער די „טמא שׂפֿתים“, די „אומריינע לעפֿצן“, וואָס האָבן די דאָזיקע הימלשע וויזיע, די געטלעכקייט פֿאַרשפּאָט, איבערגעקרימט און באַליידיקט, זײַנען אָפּגעמעקט און פֿאַרגעסן.

די שטרעבנדיקע מענטשהייט פֿאַנטאַזירט, זי האָט אַ גוואַלדיקע פֿאָרשטעלונגס־קראַפֿט, און ווי אירע פֿאַרלאַכערס און צינישע באַליידיקערס!

[1] בייטן, פֿאַרזייטע שטיקער ערד.

## מאַרטירערס

קיין שום לײַדנדיקער, קיין שום אומגליקלעכער קריגט אַזוי פֿיל סימפּאַטיע פֿון די מענטשן ווי דער וואָס איז זיך מקריבֿ פֿאַר די אינטערעסן פֿונעם כּלל.

דאָס הייליקסטע, דאָס אומפֿאַרגעסלעכסטע אונטער דער זון, איז מאַרטירערטום.

דער וואָס קען שטיין פֿאַר אַן אמת איז פֿאַרהערלעכט און דער וואָס קען פֿאַר אים פֿאַלן איז פֿאַרגעטערט.

די גרויסקייט פֿון אַ פֿאָלק איז אין זײַנע מאַרטירערס און די שיינקייט פֿון אַן אידעע — אירע געפֿאַלענע העלדן.

ווי ליכטיקע שטערן אין אַ טונקעלער נאַכט לײַכטן די נעמען פֿון מאַרטירערס אין דער געשיכטע פֿון דער מענטשהייט.

דער שטאָלץ פֿון רעוואָלוציעס איז אין זייערע אומגעבראַכטע פֿאַרטיידיקערס און די שטאַרקייט פֿון אמונות — זייערע קדושים.

די איידלסטע פֿלאַנצן אין גן־עדן פֿון מענטשלעכן פּראָגרעס וואַקסן פֿון מאַרטירער־בלוט.

די נאָבלסטע בלום פֿון מאָרגן בליט־אַרויס פֿון דעם פֿאַרוווּנדעטן האַרץ פֿון הײַנט.

די גרויסקייט פֿון מאַרטירער איז זײַן אומפֿאַרגלײַכלעכער אײַנפֿלוס אויף שפּעטער.

קעמפֿנדיק אין דער קעגנוואַרט, זיגט ער פֿאַר דער צוקונפֿט. זײַן קבֿר איז זײַן הימל און די נישט־געבוירענע דורות — די מלאָכים וואָס זינגען אים קדושה.

די צוקונפֿט־זון פֿון דער מענטשהייט וועט אויפֿגיין פֿון סיביר און ניט פֿון האַאַג [1].

די גאולה וועט קומען דורך די מאַרטירערס און ניט דורך די פּשרה־מאַכערס.

---

[1] סיביר איז דער סימבאָל פֿון טורמעס און פֿאַרשיקונג פֿאַר רעוואָלוציאָנערן, בעת האַאַג איז דער סימבאָל פֿון פּשרות, פֿאַרגלייכן זיך (בײַם אינטערנאַציאָנאַלן שיידגעריכט).

די יידישע פּראָפעטן זײַנען גרויס געװען דורך זייערע פּײַערדי־קע װערק, דאָך האָט זייער מאַרטירערטום זיי נאָך גרעסער געמאַכט.

װען ירמיהו און ישעיהו װאָלטן ניט געליטן אַזוי פיל פאַרן אמת, װאָלט זיי געפעלט די העכערע העלפט פון זייער אומשטערב־לעכקייט.

װאָר אָן לײדן איז נישטאָ אויף דער װעלט און די יסורים פון אמת זײַנען הייליק װי דער אמת גופא.

אָבער אַלץ, װאָס איז ערלעך, שיין און גוט, שטייט אין סכּנה געשענדט צו װערן פון שװינדלערס און באַטריגערס.

נביאות איז אַ גרויסע זאַך. דערפאַר האָבן מיר געהאַט און האָבן מענטשן װאָס קליידן זיך אין אַ מאַנטל פון נביאים צו פאַר־בלענדן דאָס פאָלק.

פאַרשטעלטע פּראָפעטן און מאַרטירערס זײַנען געפערלעכער װי אָפענע גזלנים, װײַל דער מערדער װײַזט דיר זײַן האַק און דער פאַלשער נביא — טראָגט זי אין האַרצן.

„כאַפּט אַ גנבֿ!" — שרײַט דער גנבֿ גופא אַרײַנלויפנדיק אין עולם און עס פאָדערט אַ געאיבט אויג צו דערקענען דעם זשוליק צווישן דער מאַסע.

דער נביא הבעל, דער לינקער פּראָפעט, קומט כּלומרשט אויך העלפן דעם פאָלק. אומשולדיקע מענטשן גלייבן אים און, װען עס געפינט זיך אַ ריכטיק אויג, װאָס דערקענט די שװאַרצע שטפּס אין דער גרויסער סטאַדע, מאַכט אָט די דאָזיקע „שעפּס" אַ מאַרטירער־פּנים און װיינט, און אַפּעלירט צו די צאָן קדשים פאַר רחמנות.

פאַלשע מאַרטירערס האָבן שוין דער װעלט מער געשאַדט װי אמתע האָבן איר געהאָלפן.

די גראָמאַדעס [2] אָבער פאַרשטייען ניט, האָבן קיין מאָל ניט פאַר־שטאַנען און האָבן זיך איבערגעענטפערט אין פאַלשע, פאַרפירערי־שע הענט.

---

[2] (ר׳) דאָרפישע פאַרזאַמלונגען.

מענטשן זאָלן זיך דערפאַר ניט איילן אָנצוטאָן איינעם די אייי־דעלע קרוין פון מאַרטירערטום אידער זיי האָבן גוט אויסגעפאָרשט זיינע אַלע כוונות און האָבן זיך איבערגעצייגט אין זיין ערנסטקייט.

מיר האָבן מער פאַלשע ווי ריכטיקע זאַכן אין אונדזער וועלט און עס איז אויך גאַנץ נאַטירלעך, מיר זאָלן האָבן געפּאַרבטע מאַר־טירערס, וואָס גיסן ציבעלע־טרערן, און העלדן מיט אַ מיין צו פאַר־קויפן די פרעמדע אומשולד צוליב איינענע נוצן.

צו פיל פּאַפּיר וואָלט מען געדאַרפט פאַרניצן אויסצורעכענען די ביישפּילן צו מיינע ווערטער. די געשיכטע שווימלט און גריבלט מיט זיי, מיט די דאָזיקע ביישפּילן, און מיר שלאָגן זיך אָן אין זיי אין טעגלעכן לעבן.

עס איז לייכטער גאָלד און דיאַמאַנטן צו פּרובירן אידער די מחשבות פון אַ פאַרפירער, ווייל אַלץ לערנט מען אונדז אין די שולן, נאָר ניט ווי צו דערקענען אַ מענטשן.

די שלעכטע און פאַרדאַרבענע, וואָס האָבן די הויפּט־דעה אין דער וועלט און באַהערשן דאָס בוך און דעם שפּיגלער — זיי ווילן ניט, אַז מיר זאָלן זיי קענען, און זיי מאַסקירן זיך פאַר אונדז.

וואָס זיי טוען יאָ פאַר אונדז אין דעם פרט פון מענטשן־לערע, איז צו פאַרזייען אין אונדזערע הערצער דעם חשד אויף די גוטע, דעם ביטערן ספק אין דעם אמת, ווייל ער איז קעגן זיי.

איז ניט פּרעה געווען אַ מאַרטירער, ווען זיינע שקלאַפן האָבן אים אָפּגענאַרט?

באַטראַכט זיך ניט יעדער געבראָכענער הערשער פאַר אַ מאַר־טירער, ווען זיין פאָלק וויל זיך באַפרייען? ווייִנט ער ניט פאַר דער קאַזאַרמע, ווי אַ ציבעלע, אַז יונגאַטשעס, שונאים פון שלום און אחדות, ווילן חרוב מאַכן דאָס לאַנד און באַרויבן אים אַליין פון זיין רעכט צו הערשן?

די וועלט האָט זיך נאָך ניט געענדערט. עס זיינען געווען און עס זיינען דאָ פאַלשע מאַרטירערס, אָבער אויב זיי וועלן זיין — אויף דעם וועט די צייט געבן אַ תשובה.

# באַרימטקייט

ווען די, וואָס יאָגן זיך נאָך פּאָפּולאַריטעט, וואָלטן געוווּסט וועגן די צרות פון באַרימטקייט, וואָלטן זיי נאָך צוגעצאָלט, מען זאָל זייער נאָמען ניט דערמאָנען.

עס וואָלט גוט געווען צו זײַן באַרימט, מען זאָל ניט דאַרפן קומען אין באַרירונג מיט דער אַלגעמיינער וועלט. אָבער אַזוי ווי דאָס איז זייער שווער, איז גלײַכער, אַז מען „מאַכט שבת פאַר זיך“.

ווען דער מענטש איז אומבאַקאַנט, האָט ער דאָס פאַרגעניגן צו ריידן אויף אַלעמען. דאָך, ווען ער ווערט באַקאַנט, האָט ער די יסורים צו הערן, ווי אַלע ריידן אויף אים, און דאָס בעסטע, וואָס ער קען טאָן, איז זיך מאַכן ניט הערנדיק.

די פּאָפּולערע פּערזאָן איז ווי אַ קהלשער האַנטעך, אין וועלכן יעדער איינער ווישט־אָפּ זײַנע אומריינע הענט און שמוציקע ליפּן.

נאָך דער האַנדלונג פון דער מענטשהייט זעט דאָס אויס אַזוי, ווי זי וואָלט אַ מענטשן מיט אַ כּיוון געגעבן אַ נאָמען, כּדי אים שפּע־טער צו קענען אַרונטעררײַסן. אַ באַווײַז דערצו איז דאָס, וואָס אַלע גרויסע לײַט ווערן דערנידעריקט און באַליידיקט.

ווען איינער פרייט זיך דערמיט, וואָס ער האָט עס אויף אַזוי ווײַט געבראַכט, אַז אַלע קוקן אויף אים און ווײַזן מיט די פינגער: אָט גייט ער! אָט שטייט ער! דאַן זאָל ער וויסן, אַז ער איז ניט מער יחסן פון דעם צירק־העלפאַנט, וואָס מען באַצאָלט פאַר אַ בילעט אים צו זען. דער איינציקער אונטערשייד איז נאָר, וואָס מיט דער גרויסער חיה האָט מען זיך מורא אָנצוהייבן און מען לאָזט זי גיין, בעת דעם גרויסן מענטש לייגט מען שטיינער אין וועג.

ווערן באַרימט הייסט — קריגן נײַע שונאים, אויף וועלכע מען האָט זיך גאָר ניט געריכט, ווײַל לויב און טאַדל גייען האַנט אין האַנט אויף דער וועלט, און דער קרײַז פון די טאַדלערס פאַרגרע־סערט זיך לויט דעם קרײַז פון די פאַרערערס.

אַלץ, וואָס דו האָסט פֿון דײַן גרויסקייט, אין בעסטן פֿאַל, איז דאָס, וואָס מען זוכט דיך אויסצוניצן. ביסטו אַ באַרימטער עושר, ווערסטו באַפֿאַלן פֿון שנאָרערס. ביסטו אַ באַרימטער רעדנער, ווייל מען אויסניצן דײַן ריידן. ביסטו אַ באַרימטער שרײַבער, ווייל מען אויסניצן דײַן שרײַבן. ביסטו אַ באַרימטער זינגער, ווייל מען אויס־ניצן דײַן זינגען. דאָך, דײַן צדקה, ווי דײַן ריידן און דײַן זינגען, ווי דײַן שרײַבן, שטעלט ניט אַלעמען צופֿרידן און דו פֿילסט זיך אַ סך מאָל ווי גוט דיר וואָלט זײַן, ווען די וועלט וואָלט זיך אָפּגעטשע־פּעט פֿון דיר.

צו זײַן באַרימט און זיך היטן ניט באַליידיקט צו ווערן, איז פּונקט ווי צו טאַנצן אַ דזשיג מיט אַ גלאָז וואַסער אויפֿן קאָפּ און ניט פֿאַרגיסן. דאָס איז אַ גרויסע קונץ און נישט אַלע באַרימטקייטן זײַנען קונצן־מאַכערס...

איינע פֿון די אומאַנגענעמלעכקייטן אין באַרימטקייט איז אויך דאָס, וואָס דו ווייסט ניט טייל מאָל, ווער עס לויבט דיך מיט אַן אמת און ווער עס חנפֿעט דיך, דען אַנדערע לויבן דיך מיט אַ כּיוון, כּדי צוליב דעם באַקאַנט צו ווערן.

אַ נאָמען! רבי חנינא בן דוסא האָט אויך אַ נאָמען. דאָך, ווען ער האָט געלעבט, האָט מען אים געגעבן אָנצוהערן, אַז כּדי צו זײַן באַרימט און גליקלעך, מוז ער צולאָזן צוהינקען זײַן עולם־הבא... און אַזוי ווי ער האָט דאָס ניט געוואָלט, איז ער געבליבן אויף גרויסע צרות ביז אין טויט אַרײַן.

ווען דו קענסט גאָר ניט, קענסטו עפּעס. דאָך, ווען דו קענסט אַ סך, קענסטו גאָר ניט. דען די וועלט פֿאָדערט פֿון דעם קענער מער ווי זי קען פֿאַרשטיין. און ווען דו ביסט שוין צו גרויס פֿאַר איר, זאָגט זי, אַז דו טויגסט ניט. באַרימטקייט הייסט, אַזוי אַרום, שטענדיק קריטיקירט צו ווערן און 99 מאָל פֿון הונדערט אומ־געֶרעכט.

גאָט האָט געוואָלט באַרימט זײַן און האָט געמאַכט אַ וועלט, זײַנען געקומען די מענטשן און געוויזן, אַז זי טויג ניט.

צו געניסן נאָך אַנאַנד כּבוד איז פּונקט ווי צו עסן אַלע טאָג פּאַרפּל־צימעס! עס עסט זיך צו און עס פֿאַנגט זיך אָן צו בענקען נאָך הערינג...

אומזיסט גיט דיר די וועלט ניט קיין באַרימטקייט. דו גיסט איר אין אויסטויש דאָס בעסטע, וואָס דו פֿאַרמאָגסט. דאָך, דאָס דײַניקע גיסטו איר מיט דער גאַנצער גלות פֿון דײַן נשמה און דאָס איריקע גיט זי דיר ווי זי וואָלט אָפּגעצאָלט אַ פֿאַרגעסענעם חובֿ — זי טוט דיר אַ טובֿה און צו יעדער געלעגנהייט שטעקט זי דאָס דיר צו.

ווען קיינער קען דיך ניט, ביסטו אַ פּרײַער מענטש. קוים ווערסטו באַרימט, היט מען דיך ווי אַ גנבֿ און דו וווּנדערסט זיך טייל מאָל, פֿון וואַנען מען ווייס, אַז דו לייענסט ניט קיין קריאת־שמע. ווען דו ווערסט באַרימט, לאָזט מען אַפֿילו נישט רוען דײַנע טויטע, דען עס געפֿינען זיך ליטעראַרישע היענעס, וואָס גראָבן־אויס דײַן עלטערזיידן, און ווי דיר, ווען ער געפֿעלט זיי ניט!

דאָס אַלץ, וואָס איך האָב דאָ געזאָגט, ווײַזט דײַטלעך, אַז באַרימטקייט איז נאָך ניט די גרעסטע שטופּע פֿון גליק, און אַז די בלומען, מיט וועלכע מען באַוואַרפֿט דעם באַרימטן, האָבן צו שאַרפֿע דערנער. נאַטירלעך, ווען דו האָסט דאָס גרויסע אומגליק צו זײַן באַרימט איז פֿאַרפֿאַלן; נאָכיאָגן נאָך דעם זאָלסטו זיך ניט, ווײַל דו וועסט האָבן צײַטן, ווען דו וועסט, אַזוי ווי גאָט, חרטה האָבן אויף דײַן אייגענער וועלט און זי וועלן חרובֿ מאַכן, און שפּעטער ווידער חרטה האָבן...

# חוצפּה און מוט

חוצפּה — אַנדערע מענטשן פֿאַרבײַטן דאָס אויף מוט; זיי האָבן אָבער אַ גרויסן טעות. דער מוטיקסטער מענטש קען אַ מאָל קיין חצוף ניט זײַן, פּונקט ווי דער גרעסטער חצוף קען זײַן אַ מיאוסער טרוס [1].

חוצפּה איז ווי אַן אַמעריקאַנער געשעפֿטס־אַגענט: ווען דו וואַרפֿסט אים אַרויס דורך דער טיר, קומט ער דורכן פֿענצטער.

ווען חוצפּה קען ניט אַרײַנקומען אין אַן אָרט, טשעפּעט זי זיך אײַן אין חניפֿה. פֿאַר ביידן צוזאַמען איז קיין שלאָס נישטאָ.

די חוצפּה האָט אַ שוואַרצע גבֿורה. דערפֿאַר ווערט זי קיין מאָל נישט רויט.

חוצפּה שטײַגט־איבער אַלע גרענעצן אָן אַ פּאַספּאָרט.

עס איז כּדאַי צו פֿאָרן פֿון ניו־יאָרק נאָך באָסטאָן איבער פּע־טערבורג, אַבי אויסצומײַדן אַ חצוף.

חוצפּה קען ניט געווינען קיין רעספּעקט פֿאַר זיך אַליין און מוט קען אויסקעמפֿן די ערע פֿאַר אַ פֿאָלק.

דער אַרגומענט פֿון חוצפּה איז הפֿקר און דער אויפֿטריט פֿון מוט איז ווערדע.

ווען דער נאַר וויל ווײַזן, אַז ער האָט מוט, ווערט ער אַ חצוף.

חוצפּה קען באַליידיקן גאָט און מוט קען באַקעמפֿן דעם טײַוול.

אַ חצוף קען זאָגן מבֿינות אויף אַ חזן טויבערהייט און גיין פֿאַרהערן אַ רבֿ ניט קענענדיק קיין עבֿרי.

זאָלסט זיך קיין מאָל ניט פֿאַרהערן מיט אַ חצוף, סײַדן דו האָסט מוט גענוג אים אָנצופֿראַסקען.

מוטיק איז די פֿרוי, ווײַל זי גייט אין לעבנסקאַמף מיט אַ מאַן און איז גאַנץ אָפּט די „געווינערין“...

דער חצוף זאָגט אַ דעה, ווו מען פֿרעגט אים ניט, און איז אין כּעס פֿאַר וואָס מען וויל אים ניט פֿאָלגן.

---

[1] פּחדן, אָפּגעשראָקענער, ציטערדיקער.

חוצפה זאָגט: איך פרעג ניט קיינעם. מוט זאָגט: איך שרעק זיך ניט פאַר קיינעם.

דער חצוף ווייזט, אַז ער קען באַליידיקן דעם גרעסטן, און דער העלד, אַז ער קען אָפּטרעטן דעם קלענסטן.

קעגנגיפט פאַר גיפט און חוצפה פאַר חוצפה.

מוט איז בעסער פון גבורה, חוצפה מיאוסער פון נאַרישקייט, און טייערער פון לומדות — איבערלייגונג.

יעדער מענטש מוז האָבן אַ ביסעלע חוצפה און אַ סך מוט.

מען דאַרף טייל מאָל האָבן מוט צו זאָגן אַ ליגן און חוצפה צו זאָגן דעם אמת.

כּל־זמן דו האָסט קיין מוט ניט פאַרלוירן, האָסטו אַ האָפענונג אַ סך צו געפינען; דאָך, קוים געפינסטו ניט קיין מוט, פאַרלירסטו די האָפענונג.

עקלהאַפט איז דער חצוף, ווען ער איז אַן עם־האָרץ; דאָך, ווען ער איז אַ למדן, איז ער געפערלעך.

רעספּעקט פאַר דעם, וואָס האָט מוט אויסצוטרעטן קעגן זיין ברויטגעבער אין נאָמען פון אמת, ווייל ער ווייזט, אַז די וואָרהייט איז אים טייערער ווי זיין לעבן.

געווינען מיט חוצפה איז אויך אַ געווינס, דאָך ניט אַזאַ ווי פאַרלירן מיט מוט.

ווען חוצפה האָט אָפט מאָל ניט וואָס צו טאָן, שרייבט זי קריטיק.

דער חצוף איז ביי זיך שטאָלץ, אָבער די חצופה איז אַ געפאַלענע.

ווען די חוצפה דערגרייכט שוין דעם הימל פאַרלירט זי דעם באָדן.

אַן אַלטער חצוף איז מיאוסער ווי אַ יונגער בעל־תאווה.

זיי ניט מקנא דעם, וואָס קריכט דווקא צו דער מזרח־וואַנט, ווייל דעמאָלט זעען אַלע, וואָס פאַר אַ חצוף ער איז.

אַ סך חוצפה איז בעסער ווי ווייניק מוט און באַהאַלטענע נאַרישקייט ווי אויסגעשריענע חכמות.

# פריינד און פריינדשאַפט

ווען איר קומט צו אײַנערן אַ פֿרײַנד אָדער אַ באַקאַנטן, וואָלט איר געוואָלט, ער זאָל אײַך געבן כּיבוד און זיך אַליין לייגן שלאָפֿן? וואָלט איר צופֿרידן געווען צו קנאַקן ניס, עסן ווײַנפּערלעך אָדער טרינקען סאָדע־וואַסער און הערן ווי אײַער מכניס־אורח ליגט און כראָפּעט?

— עס הייבט זיך גאָר ניט אָן! — הער איך ווי איר זאָגט — מיר וואָלטן איבערגעלאָזט דעם גאַנצן קרעדענץ און פֿאַרזאָגט אַ צענטן דאָרט ניט צו קומען.

דאָס איז זייער שיין פֿון אײַך. דאָס איז ווירקלעך דער ענטפֿער, וואָס איך האָב דערוואַרט. אַזוי דאַרף מען טאַקע טאָן. דען ווען יענער ווייס ניט ווי מיך צו באַהאַנדלען, איז ער ניט ווערט, איך זאָל באַטרעטן זײַן שוועל.

אָט דער בײַשפּיל אָבער דאַרף אײַך דינען ווי אַ וואָרענונג, אַז איר זאָלט וויסן ווי צו אויפֿנעמען אײַערע געסט, ווען זיי קומען אײַך באַזוכן.

איך רייד דאָ ניט פֿון אומגעוווּנטשענע געסט, וואָס אַז מען זעט זיי ניט צען יאָר, וואָלט מען אַרײַנגעוואָרפֿן אין פּושקע, אַז זיי זאָלן נאָך צען יאָר ניט קומען. איך רייד פֿון געסט, וואָס מען איז גערן צו באַגעגענען.

עס זײַנען פֿאַראַן מענטשן, וואָס זאָגן, אַז אַן אמתער פֿרײַנד האָט קיין מאָל קיין פֿאַראיבל נישט, ווי איר וועט אים אויפֿנעמען. מעגלעך, אַז דאָס איז אַזוי, דאָך איר דאַרפֿט אַזאַ גוטן פֿרײַנד זוכן בײַ טאָג מיט אַ לאָמטערן. איך האַלט איבער הויפּט זייער ווייניק פֿון אַזעלכע „פֿרײַנד“. איך גלייב, אַז יעדער מענטש האָט אַ רעכט צו פֿאַרלאַנגען אַ מענטשלעכע באַהאַנדלונג. דער וואָס פֿאַרשטייט ניט ווי באַליידיקט צו ווערן האָט קיין פּלאַץ ניט בײַ מײַן טיש, דען נאָר אַ מענטש פֿון ערע קען זײַן אַן אויפֿריכטיקער פֿרײַנד.

די חקירה, אַז ווען אַן אמתער פרײַנד באַזוכט דאַרף מען מיט אים קיין שום צערעמאָניעס ניט מאַכן, איז גרונט פאַלש. דען אויב יענער איז ווירקלעך איינער פון די זעלטענע, איז ער ערשט דער ריכטיקער מענטש, פאַר וועמען מען דאַרף עפענען די טיר מיט אַ שיינעם „סקאַצל קומט!" און וואָס אָפטער ער באַזוכט, אַלץ וואַרע־מער דאַרף מען אים אַנטקעגנגיין.

אַן אמתן גוטן פרײַנד איז, ווי אמת גליק, זייער שווער צו קריגן. קוים אָבער זײַט איר איינער פון די גליקלעכע, דאַרפט איר זײַן פאָרזיכטיק אים ניט צו פאַרלירן, ווײַל יעדער הויזפויגל פליט־אַרויס, ווען איר עפנט אים אַ פענצטער.

פרײַנדשאַפט איז אַ גוטע זאַך, איינע פון די בעסטע, און אַ גוטע זאַך דאַרף מען היטן. ווי ווויל אונדזערע חכמי־המשנה האָבן דאָס פאַרשטאַנען! איינער פון זיי גיט זיך אַ זאָג: „וקנה לך חבר", און קויף זיך אַ פרײַנד! זיי האָבן געקענט די מענטשלעכע נאַטור. זיי האָבן גוט געוווסט, אַז פרײַנדשאַפט מוז מען קויפן. און זיכער איז עס דאָס, אַז ווי טײַער מען באַצאָלט פאַר אַן אמתן גוטן פרײַנד, האָט מען אַלץ געהאַנדלט אַ מציאה.

ציצעראָ, דער גרעסטער רוימישער רעדנער, זאָגט: „פרײַנד־שאַפט פאַרבעסערט גליקלעכקייט און באַזײַטיקט עלנט, עס פאַר־טאָפּלט אונדזער פרייד און צעטיילט אונדזער צער".

דער באַרימטער רוימער קאַטאָן זאָגט: „פרײַנדשאַפט ענדיקט זיך אַ מאָל אין ליבע, אָבער ליבע אין פרײַנדשאַפט — קיין מאָל נישט".

אַריסטאָטל זאָגט: „פרײַנדשאַפט באַשטייט פון איין זעל מיט צוויי קערפּערס".

סאַמועל דזשאָנסאָן זאָגט: „אַ מענטש קען האָבן טויזנט נאָ־ענטע באַקאַנטע און אונטער זיי אַלעמען קיין איין גוטן פרײַנד. אויב דו האָסט איינעם זאָלסטו זיך שאַצן גליקלעך".

אין דעם זעלביקן זינען רעדט אויך דער ענגלישער פילאָסאָף לאָרד בייקאָן. ער זאָגט: „אַ כאַליאַסטרע איז ניט קיין קאָמפּאַניע

און פנימער זײַנען ניט מער ווי אַ גאַלעריי פֿון בילדער, ווען עס איז נישטאָ קיין ליבע".

דאָס אַלץ האָב איך צונויפֿגעפּירט, בכדי צו ווײַזן, ווי טײַער אַ פֿרײַנד איז און ווי גוט מען דאַרף אים היטן. האָבנדיק דאָס אַלץ אין זינען, איז אָבער אויך נייטיק צו וויסן, ערשטנס, אַז אַ פֿרײַנד דאַרף מען קויפֿן, אָבער ניט אונטערקויפֿן. און, צווייטנס, דאָס פֿרײַנדשאַפֿט ווערט געקויפֿט מיט פֿרײַנדשאַפֿט און ניט מיט געלט.

בײַ אַזאַ גוטן פֿרײַנד, וואָס ווערט געקויפֿט ווי אַ בהמה אויפֿן מאַרק, איז אויף דעם מילך פֿון פֿרײַנדשאַפֿט נישטאָ קיין שמאַנט און, העכסטנס, וואָס מען קען דערפֿון מאַכן, איז זויערע גאָמלקעס... אַזאַ פֿרײַנד, וואָס קומט נאָר בײַ אײַך געניסן, געוווּיר ווערן, וואָס עס הערט זיך און אַ „טאָפּ טאָן", אויב איר זײַט נאָך „אָל רײַט", אויף צו וויסן, אויב ער דאַרף נאָך מאָרגן באַזוכן — אַזאַ פֿרײַנד האָט גאָר אַן אַנדער דין. מיט אַזעלכע דאַרף מען האַנדלען לויט אײגענעם פֿאַרשטאַנד און יעדעס מיטל, וואָס קען נאָר גיין אַ גאַנג, איז גוט גענוג.

אַ פֿאַלשער פֿרײַנד איז אַ שרעקלעכער שונא און מען דאַרף אים וואָס ווייניקער זען.

ביווי זאָגט: „פֿאַלשע פֿרײַנד זײַנען ווי אונדזער שאָטן; זיי האַלטן זיך נאָענט צו אונדז, ווען מיר גייען אין זונשײַן, און פֿאַרלאָזן אונדז די רגע, ווען מיר טרעטן־אַריבער אין טונקלקייט".

קענען אויפֿנעמען געסט אין איינע פֿון די גרעסטע קונסטן. איבער הויפּט דאַרף מען וויסן ווי צו עמפּפֿאַנגען אומגעוווּנטשענע געסט. עס איז אַפֿילו פֿאַראַן אַ סוד, וואָס נאָר קלוגע ווייסן. ווען איר ווילט ניט, אַז אַ געוויסער גאַסט זאָל אײַך באַזוכן, זאָלט איר מאַכן מיט אים אַזאַ פּאַראַד און זאָלט דעם כּיבוד אַזוי איבערטרײַבן, אַז כּדי אײַך מער ניט צו באַלעסטיקן און מאַכן צו פֿיל הוצאות, וועט ער זיך שעמען אײַך אָפּצושטאַטן צו אָפֿטע וויזיטן.

ווען עס באַזוכט אײַך אײַערער אַ פֿרײַנד, וואָס שפּילט ניט אין קאָרטן, שאַך אָדער דאָמינאָ און געפֿינט אײַך גראָד פֿאַרנומען אין

איינעם פֿון די דרײַ שפּילן, זײַט איר מחויב אָזוי שנעל ווי איר דערזעט אים צו פֿאַרשיבן [1] אײַער אונטערהאַלטונג אויף שפּעטער אָדער אויף אַן אַנדער מאָל און זיך אַרומכאַפּן מיט אײַער באַזוכער. איר קענט זיך אויך אַנטשולדיקן פֿאַר אײַער גאַסט און בעטן, ער זאָל מוחל זײַן זיצן ביז איר וועט ענדיקן דאָס שפּיל. דאַן אָבער מעגט איר זיך צואײַלן און ניט צו פֿיל מאַריך זײַן אין אײַער „קונסט״. ווײַל אויב איר פֿאַרלירט אַפֿילו אַ „גאַנג״, געווינט איר דערפֿאַר אַ פֿרײַנד, און דאָס צווייטע איז געוויס אַ גרעסער געווינס. אײַער פֿרײַנד קומט מיט אײַך רײדן, אויסטוישן געפֿילן און געדאַנ־קען דורך פֿרײַנדלעכע ווערטער און ניט זיצן ווי אַ גולם אָדער בלע־טערן געגנעצנדיק אײַער פֿאַמיליע־אַלבאָם און איר וועט זיך דערווײַל מאַכן נאַריש.

אַ סך מאָל איז דאָס אויך די שולד פֿון דעם באַזוכער. עס זײַנען פֿאַראַן געסט, אַפֿילו אמתע גוטע פֿרײַנד, וואָס פֿאַלן־אַרײַן פּלוצלינג, ווי „אַ יוון אין סוכּה״, גראָד ווען איר ריכט זיך ניט אויף זיי, אָדער גאָר אין אַזאַ צײַט, ווען איר קענט זיך מיט זיי ניט אָפּגעבן. קלוגע מענטשן שרײַבן שטענדיק אַ פֿאַר ווערטער און באַשטימען פֿריִער די צײַט פֿון זייער באַזוך, דאַן איז זיכער, אַז זיי וועלן ניט פֿאַלן צו לאַסט און זייער וויזיט וועט זײַן בכבוד.

עס זײַנען ווידער פֿאַראַן געסט, וואָס ווייסן ווען צו קומען און ווייסן ניט ווען אַוועקצוגיין: אָט די מענטשן לאַנגווײַלן צום טויט. זייער אָנגענעמע קעגנוואַרט .פֿאַרוואַנדלט זיך ענדלעך אין איבער־דריסיקייט און מען הייבט־אָן צו פֿילן אַ ניט־גוטקייט.

דער באַזוכער האָט פֿליכט פּונקט ווי דער והעמען מען באַזוכט. אויף דעם איז פֿאַראַן אַ קאָדעקס מיט אומגעשריבענע געזעצן. דער חכם קען זיי אויף אויסווייניק און דער נאַר וואָלט זי אַפֿילו אינווייניק אויך ניט פֿאַרשטאַנען.

די אונטערשטע שורה איז: זײַ אַ מענטש!

[1] (ד׳) אָפּלייגן, אָפּשטופּן.

# שטילע מענטשן

די מענטשהייט, די אַנגעלערנטע, דערפאַרענע מענטשהייט, וועל־כע האָט שוין באַצאָלט אַזוי פיל רבי־געלט, איז נאָך, ווי עס שיינט, אַלץ ניט דערגאַנגען דעם סוד, אַז דאָס רובֿ געפערלעכע באַשעפע־נישן זיינען די „שטילע”. נייך, די מענטשהייט וויס דאָס נאָך אַלץ ניט און פאַלט אָפּט זייער מיאוס אַריין. דער „שטילינקער” האָט נאָך שטענדיק דעם כוח צו נאַרן דאָס אויג און געווינען דעם צוטרוי, וואָס ער ניצט שפּעטער אויס פאַר זיינע צוועקן.

חכמים האָבן אונדז אָנגעזאָגט, מיר זאָלן זיך היטן פאַר כעסנים; זיי האָבן אונדז דערציילט, אַז „דאָס שרעקלעכסטע פון אַלע שרעקן” איז דער מענטש אין זיין אויפרעגונג; זיי האָבן אונדז אָבער קיין מאָל ניט געוואָרנט פאַר די שטילינקע, די נעבעכלעך, וועלכע ממיתן מיט זייער רחמנות־פּנימל און זיינען מזיק מיט זייער שטילקייט.

די נאַטור איז ניט שולדיק: זי האָט די געפערלעכסטע און שעד־לעכסטע פון אַלע ברואים — די שלאַנג — אַריינגעשיקט אין גן־עדן און געגעבן דעם מענטשן די ערשטע לעקציע קעגן דער געפאַר פון די שטילינקע, אָבער ער האָט עס פאַרגעסן, און דאָס קאָסט אים זייער טייער. ניט איין מאָל שפּרינגט־אויף דער מענטש פאַרוווּנדעט פון די פּיילן, וואָס דער שטילער האָט אין אים אַריינגעלאָזן מיט אַ שמייכעלע. ניט איין לעבן ווערט פאַרלוירן, ניט איין פאַמיליע צעבראָכן. ניט איין ליבע צעריסן. און ניט איין זיסער טרוים פאַר־וואַנדלט אין שרעק דורך דעם צוטרוי צו די שטילע, וועלכע ברענגען טויט און פאַרדאַרבונג.

מיר הערן זייער אָפּט, ווי מענטשן שרייען־אויס פאַרוווּנדערט: „סטייטש, אַזאַ שטילער, רויקער מענטש! ווי קומט עס, ער זאָל באַ־גיין אַזאַ פאַרברעכן? סטייטש, ווער וואָלט זיך דאָס גערעכנט, אַז דער נעבעכל, וואָס איז גאָר „גאָט די נשמה שולדיק”, זאָל אויפטאָן אַזאַ נבלה, אַזאַ שענדלעכע טאַט?”

נאַרישע מענטשן! ווען זיי וואָלטן געווען מער פּסיכאָלאָגן, בעסער פאַרשטאַנען די מענטשלעכע זעל און באַגריפן די וואָרענונג, וואָס די נאַטור האָט זיי געגעבן, וואָלטן זיי זיך פאַרשפּאָרט צו ווונדערן זיך. דאָס, וואָס עס קען ניט געשען, וועט ניט געשען. ווען דער שטילער און רויִקער מענטש האָט פּלוצלינג געהרגעט זײַן חבֿר, איז אַ באַווײַז, אַז דער רוצח איז אים געלעגן אין בלוט, אַז ער האָט געהאַט אין זיך דעם געפערלעכן קערן פון אַ מערדער, וואָס האָט אין אים געדרעמלט, ביז אַ געוויסער מאָמענט האָט עס אויפגעוועקט. אַ שעפּס קען ניט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ וואָלף אָדער אַ וואָראַבײיטשיק [1] אין אַ קאָרשון [2]. דער גזלן ווערט אַ גזלן געבוירן און דער געפערלעכסטער איז אָפט דער שטילער, דער שווײַגער, ווײַל ער טראָגט זײַנע כּלי־זיין אין האַרצן און זײַן צונג פאַרמסרט זיי ניט. העד אײנציקער פאַרדאַכט, וואָס עס איז דאָ אויף אים, איז זײַן שווײַגן. אָבער דווקא דאָס נעמט די וועלט אָן פאַר אַ מעלה און זי פאַלט־אַרײַן.

עס זײַנען אויך פאַראַן מענטשן אויף דער וועלט, וואָס האַלטן שטענדיק אין איין שמייכלען. דאָס זײַנען אָפט געפערלעכע מענטשן. מען דאַרף אויף זיי שטענדיק האַלטן אַן אויג, אויב מען וויל זיך מיט זיי חבֿרן. דער ריכטיקער, דער נאָרמאַלער מענטש קען ניט שטענדיק טראָגן אַ זיס שמייכעלע אויף די ליפּן. די נאַטור אַליין באַשטייט אויך ניט פון לויטער זונשײַן. זי האָט אויך איר וואָלקן, איר דונער און איר בליץ. אַפילו גאָט אַליין לאַכט אויך ניט שטענדיק און איז אַ מאָל אין כּעס, און אַ מענטש דאַרף ניט זײַן בעסער ווי גאָט.

ווען אײנער שמייכלט שטענדיק, איז דער שמייכל זײַן כּלי־זיין און מען מוז זיך פאַר אים היטן. ער איז ווי אַ לאַכעדיקע חיה פון די אַראַבישע לעגענדעס, וועלכע לאַכט־אַרויס פון דעם רײַזנדן די

[1] (ר׳) פּראָסט פייגעלע, שפּערלינג. — [2] רויבפויגל.

נשמה און טויט אים לאַכנדיק. אַן אייביק שמייכעלע פּאַסט נאָר פאַר אַ שיינער פרוי, וועלכע איז גאָטס שמייכל אויף דער ערד, אָבער אויך זי איז זייער אָפּט אַ געפאַר און מען דאַרף זיך פאַר איר אויך היטן...

אייביק לאַכן און אייביק שווייגן איז אפשר שיין אין דער פּאָע־זיע, אין לעבן אָבער קען דאָס ניט זיין, סיידן ביי די, וואָס מאַכן דאָס שווייגן און שמייכלען פאַר אַ פּראָפעסיע צו נאַרן די וועלט, ווייל די וועלט גלייבט אין דעם און פאַרגעטערט דאָס. די בעלי־המשנה און בעלי־הגמרא האָבן אונדז זייער שטאַרק פאַרלויבט דאָס שווייגן ווי אַ געזונטע און גוטע זאַך. מעגלעך, אַז דאָס איז אַמאָל געווען אַ טייערע מידה. דאָך, זינט די לומפּן האָבן דערפאַרן, אַז די מענטש־הייט גלייבט אין דעם, האָבן זיי דאָס אָנגענומען פאַר אַ מיטל צו געמיינקייט און עס גליקט זיי זייער גוט.

געוויינטלעך איז נישטאָ קיין געזעץ אָן אויסנעמען, און שטיל־קייט און שמייכלען מעגן זיין ביי טייל מענטשן געבוירענע טוגנטן, דאָך זאָל מען זיך ניט איילן, די שטילינקע און די לאַכעדיקע אָנצו־נעמען פאַר מלאָכימלעך, כדי מען זאָל שפּעטער קיין חרטה ניט האָבן.

## אומגעבעטענע געסט

איילט זיך ניט צו דערלאַנגען יעדן איינעם אייער וויזיט־קאַרטל, ווייל איר קענט אָפּט מאָל טרעפן אויף אַ פּראָפעסיאָנעלן „באַזוכער", און איר וועט שפּעטער האָבן צו „קלאַפּן און צו בלאָזן" ווי לאַנג איר וועט לעבן.

דער פּראָפעסיאָנעלער באַזוכער איז אַ בריאה, וואָס האַלט אין איין זוכן באַקאַנטשאַפט און קוים האָט איר אים פאַר איינעם פאַר־געשטעלט, האָט ער שוין אַ קרבן. ער וועט באַלד בעטן יענעמס אַדרעס און פרעגן ווען ער קען אים „באַזוכן".

איר וועט אויסהיילן אַן אָפּגעפרוירענעם אויער, פּטור ווערן פון אַ הינעראויג, אַנטלויפן פון אַ פּיפּערנאָטער, דערלייזט ווערן פון

אַ שוויגער און זיך אַרויסדרייען פֿון אַ נודניק; איר וועט זיך אָבער ניט אָפּטשעפּען פֿון דעם פּראָפֿעסיאָנעלן באַזוכער. קוים האָט ער אײַך איין מאָל געפּאַקט, איז פֿאַרפֿאַלן, ער וועט אײַך וויזיטירן און — טוט אים עפּעס!

דער פּראָפֿעסיאָנעלער באַזוכער האָט שטענדיק פֿולע וועסטל־קעשענעס און בוזעם־קעשענעס מיט אַדרעס־ביכלעך. ער פֿירט מיט זײַנע קרבנות אַ גאַנצע בוכהאַלטעריע. קונדן גייען בײַ אים גאָכן אַלף־בית און ער טוט דאָס בעסטע, וואָס ער קען, ער זאָל חלילה ניט שולדיק בלײַבן קיין וויזיט — ער באַזוכט זיי אַלעמען.

דאָס ערגסטע מיט דעם פּראָפֿעסיאָנעלן באַזוכער איז דאָס, וואָס איר קענט אים ניט באַליידיקן און ניט אַרײַנברענגען אין כּעס, ווײַל אויב איר האָט הײַנט פֿאַר אים קיין צײַט נישט, ער זאָל אײַך אַ קאָפּ פֿאַרדרייען אָדער סתּם זיצן ווי אַ געשוויר אויפֿן קאַרק, וועט ער זיך אַנטשולדיקן און פֿאַרזיכערן, אַז ער וועט אײַך באַזוכן אַ צווייט מאָל און איר מעגט אים גלייבן, אַז ער וועט האַלטן וואָרט.

פּטור צו ווערן פֿון דעם באַזוכער איז סײַדן אַוועקצופֿאָרן אין אַן אַנדער שטאָט אָדער אַנטלויפֿן פֿון דער מדינה, דען אַרויסציִען אין אַן אַנדער דירה וועט אײַך נישט העלפֿן מחמת אַ סך טעמים: ערשטנס, קען ער דאָך אײַער גאַנצע משפּחה און אײַערע לאַנדסלײַט, אײַערע נאָענטע און ווײַטע קרובֿים, אײַערע פֿרײַנד און אײַערע באַקאַנטע. זײַט איר אַן אַרבעטער, קען ער אײַער באַלעבאָס; און זײַט איר אַ באַלעבאָס, קען ער אײַערע אַרבעטערס. אויב איר זײַט אַ סוחר, קען ער אײַערע קונדן; אויב איר זײַט אַ קונה, קען ער אײַערע סוחרים; ער וויס ווו און מיט וועמען איר האַנדלט און ווו איר פֿאַרקערט. מיט איין וואָרט — איר וועט פֿון אים ניט אַנטרינען און ניט געזעגנט ווערן. אויפֿן לעצטן פֿאַל איז ער נישט קיין „גרינער“ און ער „פּאַקט“ אײַך דורך דער פּאָסט אָדער דורך די הויז־היטערין און שטעקט אײַך אָפּ אַ וויזיט.

דער פּראָפֿעסיאָנעלער באַזוכער טראָגט־אַרום גאַנץ „גרויס ניו־

יאָרק" מיט זיך. ווו איר גיט אַ וואָרף אַ שטיין, האָט ער אַ הויז, וואָס ער באַזוכט, און יעדעס הויז איז ביי אים פאַרשריבן.

ווען איר האָט די זכיה זיך צו באַקענען מיט דעם פּראָפעסיאָ־נעלן „באַזוכער", מוזט איר גלייבן אין דער מעשׂה פון שמריה נאָז, וואָס פלעגט לויפן פון ווילנע קיין באַרדיטשעוו צו פוס כאַפּן ביי אַ באַקאַנטן אַ שמעק טאַבאַק. ווייל דער „באַזוכער" פאַלט אויך טייל מאָל אַריין צו אייך מיט אַ מאָדנע מעשׂה, וואָס איר וואָלט געגעבן אַ טאָלער אַבי נישט צו וויסן פון איר...

עס איז כּדאַי צו פאַרשטיין, אַז דער דאָזיקער „באַזוכער" איז ניט קיין איבערקלייבער און ער באַזוכט ווייבער אויך. אויב דער מאַן איז גראָד נישטאָ אין דער היים, איז דאָס ווייב אויך אַ סחורה און וואָס עס האָט געזאָלט אויסגיין צו אים, גייט־אויס צו איר. ער פרעגט־אויס און דערציילט איר אַן, פאַרדרייט איר אַ מוח, אַז זי דאַנקט גאָט, ווען זי ווערט פון אים פּטור.

דער פּראָפעסיאָנעלער באַזוכער איז קיין מאָל ניט אייער אמתער פריינד, ער איז קיינעמס נישט פריינד. ער האָט איבער הויפּט קיין פריינד ניט. ער האָט נאָר קעגנשטאַנדן, וועלכע באַפרידיקן זיין בייזע ליידנשאַפט צו פּלאָגן מענטשן און זיין גבֿזהדיקע געוווינהייט צו זיצן אין פרעמדע הייזער.

דער פּראָפעסיאָנעלער „גוט יום־טובֿ ביטער"[1] וועט אייך זעלטן, כּמעט קיין מאָל ניט איינלאַדן צו זיך. ער וועט נאָר גיין צו אייך. ער איז אַזוי ווי דער בייזער גייסט, וואָס זוכט צו פאַרפּלאָגן און צו שטראָפן די שטערבלעכע מיט זיין פינצטערער קעגנוואַרט, וואָס יאָגט זיך נאָך די מענטשן. ביי דעם פּראָפעסיאָנעלן „באַזוכער" איז דאָס באַזוכעניש אַ קראַנקייט. ער איז אומצופרידן מיט זיין חולנית־דיקן „איך". ער געפינט נישט אין זיין אייגענער פאַרפוישערטער נשמה קיין מנוחה, לויפט ער רויבן דעם פרידן פון אַנדערע. ער איז

---

[1] טיטל פון אייזיק מאיר דיקס פאָפּולערער דערציילונג.

דער פֿאַרשאָלטענער רוח, דער גילגול, וואָס האָט ניט קיין רו און זוכט זיך אַרײַנצוכאַפּן אין אַן אומשולדיקער זעל.

דער דאָזיקער אייביקער גאַסט אָדער גײַסט וועט קומען צו אײַך מיט אַ שמייכעלע, שטענדיק אויפֿגערוימט בײַ זיך. ער וועט ריידן מיט אײַך איבער פֿאַרשיידענע זאַכן. איר וועט אים טייל מאָל פֿאַרגעבן זײַן צודרינגלעכקייט און — רעכענענדיק אים פֿאַר אַ פֿרײַנד — דערציילן אײַערע צרות. וועט ער אײַך אויסהערן מעכאַניש און וועט אײַך אפֿשר מעכאַניש אַן עצה געבן, אָבער אין גרונט גענומען גייט איר אים ניט אָן. פֿאַרקערט, ער קומט אויסניצן דאָס ביסל פֿריילעכס און צופֿרידנקייט, וואָס געפֿינט זיך אין אײַך.

אָט דער סאָרט „באַזוכערס" געפֿינט זיך מערסטנטייל צווישן אַלטע בחורים, צווישן מענער וואָס האָבן סכסוכים מיט זייערע פֿרויען, צווישן יונגעלײַט וואָס האָבן די ווײַבער אין דער ליטע, רומעניע אָדער גאַליציע און זיי אַליין לויפֿן־אום ווי די הונגעריקע וועלף זוכן, אפֿשר וועלן זיי עפּעס געפֿינען וואָס צו פֿאַרצוקן...

אייניקע פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע באַזוכערס באַגוגענען זיך בלויז מיט איין פֿאַמיליע, אָבער קוים זעצן זיי זיך אַן אויף איר, איז פֿאַרפֿאַלן. איר מעגט עסן אָדער שלאָפֿן, בענטשן אָדער לייענען קריאַת־שמע, ציילן געלט אָדער ציילן קללות, קושן די קינדער אָדער זיך ווערטלען מיט דער ידענע, דער „באַזוכער" וועט שטענדיק זײַן דערבײַ. איר ווערט מיט אים אַזוי אײַנגעוווינט, אַזוי באַקאַנט אויף אויסווייניק, אַזוי מורגל אין זײַן צורה, אַז ווען ער זאָל אַ מאָל ניט קומען, דאַכט זיך אײַך, אַז ער פֿעלט. נאָר דעמאָלט, ווען ער זאָל פּלוצלינג אויסלינקען אַ פֿוס, כאַפּן אַ בעלעם אויף אַן אויג אָדער קריגן אַ שווערע נירן־אָנצינדונג און זאָל נעלם ווערן אויף אַ האַלב יאָר — ערשט דעמאָלט וועט איר זיך אַרומזען, אַז ער פֿעלט אײַך ווי אַ לאָך אין קאָפּ.

זײַט, אַלזוי, פֿאָרזיכטיק מיט מאַכן באַקאַנטשאַפֿט און מיט געבן אײַער וויזיט־קאַרטל צו אַ נײַעם באַקאַנטן, ווײַל מעגלעך, אַז איר האָט שוין איין טויטמאַכער און איר וועט קריגן אַ צווייטן.

# די יידישע פאַמיליע

זיי זײַנען עלטערע, יידישע מענטשן פֿון דער היים, יידיש־ריידערס, שוין איבער אַ פֿערטל יאָרהונדערט אין אַמעריקע, כּמעט די ערשטע יידיש־רוסישע אימיגראַנטן. זיי וווינען די גאַנצע צײַט אין דעם ניו־יאָרקער יידישן קוואַרטאַל פֿון דעם אונטערשטן טייל שטאָט, די איסט סײַד.

ער איז אַ מאַן מיט אַ גרויסער, בכּבֿודיקער, יידישער באָרד, וואָס מאַכט אים אויסזען ווי אַ כּהן גדול, און זי איז אַ ציכטיקע יידישע באַלעבאָסטע אין אַ ריינעם, ברייטן, שוואַרצן, גלאַנציקן האָר־שייטל, פֿון וועלכן עס שפּיגלט.

אין דער יידישער גאַס, וועלכע זיי האָבן דאָ געהאָלפֿן שאַפֿן און אין וועלכער זיי זײַנען אַלט געוואָרן, האָט מען זיי באַטראַכט פֿאַר אָנגעזעענע יידישע מענטשן פֿון דעם אַלטן דור. אין זייערע אינטימע קרײַזן זײַנען זיי גאָר געווען דאָס אייבערשטע פֿון שטייטל.

אַ קלייניקייט, מיסטער און מיסיס ליווײַ!

אים אין שול — די שענסטע עליה, איר אין עזרת־נשים — דעם רעכטן אויבנאָן, און זיי פֿלעגן טאַקע אַמאָל, ווען זיי זײַנען רײַך געווען, זיך לאָזן קאָסטן אויף דער שול אַ שיינע מטבע.

מיסטער און מיסיס ליווײַ זײַנען אָבער אַמאָל יונג געווען און האָבן געבראַכט אַ דור אויף דער וועלט, און אָט דער דור זייער־ער, כאָטש געבוירן און דערצויגן אין יידישן קוואַרטאַל, האָט געוואָרפֿן אויף דעם קוואַרטאַל אַ בייזן „אומחן“, געשפּיגן קלעק אויף יידישע גאַסן און דווקא געצוווּנגען די עלטערן אַוועקצוציִען אין אַ שענער־דער געגנט, וועלכע איז ניט יידיש, נאָר אַמעריקאַניש, קריסטלעך, און „יידישע פּנימער וואַרפֿן זיך ניט אַזוי שטאַרק אין די אויגן“...

די אַלטע לײַט פֿלעגן אויסהערן די דאָזיקע טענות פֿון די קינ־דער מיט האַרצקלאַפּונג, מיט יסורים. זיי פֿלעגן זיך פֿאַרהערן מיט

די בנים; זיך פּשוט קריגן מיט זיי. איבער הויפּט פּלעגט זיך ערגערן דער אַלטער מיסטער ליוויַ, ווען אים פּלעגט אַריַינפאַלן אין מוח די ערנסטע קשיא:

— סטיַיטש, אַן אַלטער ייִד מיט אַ גרויסער ייִדישער באָרד צווישן גויִים? וועלן זיי אים דאָרט ניט טשעפּען? ניט נאָכשריַיען דעם שענדלעכן נאָמען „שיני", וואָס די אַמעריקאַנער אַנטיסעמיטן האָבן אויסגעקלערט פאַר ייִדן? מה דאָך זיי טשעפּען אים אָפּט אין זיַין אייגענעם קוואַרטאַל, מען קען זאָגן ביַי אים אין הויז, טאָ ווי וועלן זיי אים שוין נאָכשריַיען און נאָכוואַרפן מיט שטיינער אין זייערע גאַסן, ביַי זיי אין דער היים?

די באָרד איז געווען ביַי מיסטער ליוויַ אַ טייל פון זיַין פאַרמעגן, דער גרעסטער טייל דערצו. אַחוץ דעם, וואָס זי האָט אויסגעצירט זיַין היכל, פול־געוואַקסענעם גוף, האָט זי אויך פאַרשענערט זיַין העכערן איך, זיַין גרויסע, ייִדישע נשמה... דער הדרת־פּנים האָט אָפּגעשטראַלט מיט גיַיסט, מיט רוח־הקודש. טיף היגטער דער באָרד איז געלעגן דער ערלעכער, פרומער ייִד. מיסטער ליוויַ פלעגט קוקן מיט שטאָלץ אויף זיַין באָרד און זי אָפּהיטן ווי אַ בת־יחידה. היַינט גיי, פאַל־אַריַין מיט איר אין גויִישע הענט!...

אין אַזעלכע טרויעריקע מינוטן פלעגט דער אַלטער פּשוט וויינען אין זיך; דאָס גאַנצע האַרץ האָט אין אים געיאָמערט, ביטער געיאָמערט, און די אַלטע הענט פלעגן אים מעכאַניש צופאַלן צו דער באָרד, פּונקט ווי ער וואָלט זי וועלן פאַרהיטן, מען זאָל זי ניט אויסריַיסן אָדער פאַרוואַרפן מיט בלאָטע.

— ווען זיי גיבן מיר אַ קלאַפּ אָדער אַ וואָרף מיט אַ שטיין, — פלעגט זיך מיסטער ליוויַ באַקלאָגן פאַר זיַין הויזגעזינד — אַרט דאָס מיך ניט אַזוי פיל, ווי ווען זיי גיבן מיר אַ ריס די באָרד, וויַיל דאָן זע איך, אַז מען טשעפּעט ניט אין מיר דעם מענטש, נאָר דעם ייִד... דער ייִד איז זיי אַ שטאָך אין האַרצן, פּונקט ווי די ייִדישע באָרד וואָלט זיי פאַרשטעלט דעם וועג אָדער דעם הימל...

— וואָס אַרט איַיך, אַז איר ווינט אין דער איסט סיַיד? —

פלעגט ער זיך בעטן ביי די קינדער — וואָס פעלט איַיך אין איסט בראָדוויי, ווו איר זייט אייגענע מענטשן? יעדער ווייס, ווער איר זייט און קען איַיער טאַטן און איַיער מאַמען... וואָס עפעס האָט איר זיך איַינגערעדט „בראָנעקס" און „בראָנעקס", פאַרקריכן אין עק וועלט, אַנטלויפן פון ייִדן?

— מיר ווילן טאַקע ניט ציִען נאָך די „בראָנעקס", נאָר נאָך די בראָנקס! — פלעגט אים ענטפערן דער עלטערער בחור, — מיר ווילן ניט פאַרברענגען אונדזער לעבן צווישן גרינע און פאַרגעסן דאָס ביסל גוטע ענגליש, וואָס מיר האָבן געלערנט אין די פאָלקשולן. איר זייט שוין אַזוי לאַנג אין אַמעריקע, איך מיין, דו און די מאַמע, און קענט אַלץ קיין ריכטיק וואָרט ענגליש ניט ריידן. איר זאָגט נאָך אַלץ „בראָנעקס" אַנשטאָט בראָנקס.

— דזשייק איז גערעכט! — פלעגט אונטערשטיצן דעם ברודער די עלטערע דזשעני, ניט קיין שטאַרק געראָטענע בתולה, וואָס איז שטענדיק געווען בייז אויף די איסט־סיידער ייִדישע בחורים דער־פאַר, וואָס מען כאַפּט זי ניט אויס און מען לאָזט זי פאַרזיצן ביז אין גרויען צאָפּ אַרייַן — וועמען זעט מען דאָ? — פלעגט זי אויסשרייַען מיט כעס — לויטער גרינהאָרנס מיט קייקס [1]... ניטאָ קיין רעכטער מענטש אויף אַ רפואה... נישקשה, מיר ווילן ציִען!

— ניט מיט מיר! — פלעגט דער אַלטער ליוויַ זאָגן פעסט און אַנטשלאָסן — אמת, איר זייט איצט מייַנע ברויטגעבערס, איר זייט כלומרשט ביַי מיר, אין אמתן אָבער בין איך ביַי איַיך, אָבער דאָס איז קיין באַוויַיז, אַז איך וועל איַיך נאָכגעבן און פאַרלאָזן מייַן ייִדישע גאַס מיט מייַנע אַלטע גוטע פרייַנד, מייַנע ייִדן. איר קענט זיך ציִען געזונטערהייט. איך בלייַב דאָ, ווו מייַנע ברידער זייַנען, ווו מען הערט אַ ייִדיש וואָרט...

אין אַזאַ מאָמענט פלעגן די קינדער בלייַבן שטיל. געוויינטלעך פלעגן די יונגע בלייַבן ביַי דאָס זייעריקע. זיי האָבן אָבער ניט

[1] (נאָרד־אַמעריקאַנער ווערטל) גרינע מיט קיכעלעך.

געוואָגט צו ריידן. דאַן פלעגט זיך אָפּט מאָל אַריינמישן די מוטער און געבן פלומרשט די יונגע גערעכט.

— וואָס דאַרפסטו די קינדער אָפּעסן דאָס האַרץ? — פלעגט אויסרופן מיסיס ליוויי צום אַלטן — זיי זיינען דאָך היגע קינדער, זיי ווילן ציִען, זאָלן זיי ציִען...

דאָס פלעגט אָבער די אַלטע בלויז זאָגן פון שלום־בית וועגן. אין גרונט גענומען פלעגן די קינדערס רייד איר שרעקלעך ווי טאָן און פיינלעך באַרירן אירע איניקסטע געפילן. זי האָט אויך קיין חשק ניט געהאַט צו פאַרלאָזן די יידישע שכנישאַפט. נאָר גאָר ניט, אַ מאַמע איז אַ מאַמע, איז זי געווען נענטער צו די קינדער. אַגבֿ האָט זי געוווסט, אַז דער מאַן פאַרדינט שוין פון לאַנג גישט אויף אַ לעבן און די יונגע האַלטן־אויף דאָס הויז מיט די גאַנצע הוצאות.

זי האָט אויך געוואָלט זיין בעסער צווישן היימישע מענטשן, ווו זי קען אַלעמען און אַלע קענען זי. אין דער איסט סײַד, ווען זי פלעגט אַריינגיין אין אַ שפּײַזקראָם, צום קצבֿ אָדער צום בעקער, האָבן זי אַלע ווייבער באַגריסט: „העללאָ, מיסיס ליוויי!" „גוט מאָרגן" צי „גוט אָוונט, מיסיס ליוויי"! די אַלטע ווייבער געדענקט זי נאָך, ווען זיי זיינען יונג געווען, און די יונגע ווייבלעך קען זי, ווען זיי זיינען נאָך געווען עופעלעך. מיט אַנדערע קען זי זיך נאָך פון דער היים. זי וויים מיט יעדער יידענע פון וואָס צו ריידן. נו, טאָ גיי, ווער אויף דער עלטער מגולגל אין די בראָנקס, צווישן גויים דערצו...

*

די ליוויס זיינען אַמאָל געווען ווילהאַבנדיקע מענטשן. דער אַלטער איז געווען אַ „קאָסטאָמער פּעדלער"[2] צווישן יידן און פלעגט פאַרדינען שיין געלט. ער פלעגט פאַרקויפן אויף אויסצאָלן קליידער, מעבל און צירונג, פלעגט האַנדלען ערלעך און מענטשלעך. זיינע

[2] „קלאָפּער", הויזירער, וועלכער פאַרקויפט סחורה קליענטן, אַז מען דאַרף אויף אויסצאָלן.

קונים האָבן אים ליב געהאַט. ער האָט אָפּגעשפּאָרט אַ קליין פאַר־מעגן. האָט געגעבן זײַנע זעקס קינדער אַ נישקשהדיקע דערציִונג. איין זון מיט איין טאָכטער האָט ער שוין פאַרהייראָט און צוויי זין מיט צוויי טעכטער זײַנען נאָך אין דער היים. ליוויִ האָט פאַרלוירן זײַן אייגנס אין פאַרשיידענע אומגעראָטענע אונטערנעמונגען. דער ביטערער קריזיס פון 1907 האָט צעיאָגט זײַנע קונים פון ניו־יאָרק און פון אַמעריקע, און ער מיט זײַן ווײַב האָבן נאָר געלעבט אויף דעם חסד פון די קינדער.

דאָך, כאָטש אַלע האָבן געוווסט, אַז מיסטער ליוויִ איז שוין ניט מער רײַך, איז ער דאָך דערוויילט געוואָרן פאַר פּרעזידענט פון זײַן שול און מען האָט אים אָפּגעגעבן גרויס כּבֿוד. ליוויִ איז געווען דער למדן פון זײַן געמיינדע. אייניקע ייִדן אין שול פלעגן זיך אַפילו אויפהייבן פון זייערע ערטער, ווען מיסטער ליוויִ איז פאַרבײַגעגאַנגען. זיי פלעגן זיך פאַר אים אָוועקשטעלן ווי פאַר אַ רבֿ. אַ ייִד אַ בן־תּורה, האָט מען אים אָפּגעגעבן כּבֿוד.

בײַ זיך אין שטוב אָבער פלעגט ער לײַדן. ער פלעגט ניט קענען פאַרטראָגן די קליינקעפּיקייט פון זײַן פאַמיליע און זייער אָפּט פלעגן זיי גאָר פאַרגעסן צו האָבן דרך־ארץ פאַרן טאַטן.

— איך זע ניט, וואָס פּאַפּאַ האָט אַזוי מורא, מען זאָל אים ניט טשעפּען זײַן באָרד! — האָט זיך איין מאָל אָפּגערופן פעני, דאָס ייִנגסטע מיידל, אין אַ געשפּרעך בײַם טיש — מען מוז דאָס טראָגן אַזאַ גרויסע באָרד? מען קען דאָך זי אַ ביסל אָפּקירצן, פאַרשערן און אויסזען מער אַמעריקאַניש... איך האָב געזען אַ סך פרומע ייִדן, רעווערענדס, ראַבײַס[3], טראָגן צוגעפּוצטע בערד...

דער אַלטער האָט ניט געענטפערט. עס איז אים געוואָרן שלעכט, צו חלשן. אַזאַ חוצפּה בײַ זיך בײַם טיש האָט ער קיין מאָל אין זײַן לעבן זיך ניט פאָרגעשטעלט. אים האָט זיך געדאַכט, ער איז געווען

[3] מגידים אין מאָדערנעם סטיל, אַמעריקאַנער רבנים.

כמעט זיכער, אַז פּעני זאָגט דאָס נאָר דערפֿאַר, ווײַל זי ברענגט־אַרײַן אין הויז צען טאָלער אַ וואָך ווי אַ טײַפּרײַטער[4]. ער איז געבליבן זיצן ווי אַ דערהרגעטער. האָט אַרײַנגענומען אַ שפּיץ באָרד אין מויל אַרײַן און זיך פֿאַרטראַכט... עס האָט אויסגעזען פּונקט ווי ער וואָלט געזוכט אויסצוגעפֿינען, אויב ער קען ניט אַרונטערשלינגען זײַן באָרד, אויף צו ראַטעווען זי פֿון די גזלנים.

נאָך יענעם שרעקלעכן פֿאַל איז אים געוואָרן ענג זײַן הויז. ער האָט זיך אָנגעהויבן פֿילן פֿרעמד אין זײַנע אייגענע פֿיר ווינקלען. ער פֿלעגט אַ מאָל, ווען קיינער פֿלעגט ניט זײַן אין שטוב, צוגיין צום שפּיגל און פֿאַרבייגן די ערנסטע בכבֿודיקע שפּיצן פֿון זײַן שיינער באָרד, צו זען ווי ער וועט אויסקוקן אַן אָפּגעשאָרענער... איין מאָל האָט זיך אים בײַ נאַכט געחלומט, אַז די קינדער האָבן אים גע־כאַפּט איבער געוואַלד. דער עלטערער בחור מיט דעם מיידל האָבן אים צוגעהאַלטן די הענט און פּעני האָט גענומען אַ שער און אים אָפּגעשאָרן די באָרד. ער האָט דאַן געשריִען פֿון שלאָף מיט ווילדע קולות, האָט געוואָרפֿן מיט די הענט און די פֿיס. אַלע האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט. ער איז ענדלעך אויפֿגעשפּרונגען פֿון שלאָף ווי צע־מישט און זיך גלײַך אַ כאַפּ געטאָן פֿאַר זײַן באָרד. אַ צעמישטער שמייכל האָט זיך אויסגעלייגט אויף זײַן פּנים. ער איז גלײַך אויפֿ־געשטאַנען, אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער און געזאָגט תּהילים ביז אין גרויסן טאָג אַרײַן...

ער האָט שוין אָבער מער ניט געקענט זײַן בײַ זיך אין שטוב. דער אָנבליק פֿון די קינדער פֿלעגט אים שרעקן ווי שדים. ער האָט ניט געקענט קוקן דער קליינער פּעניען אין פּנים און אים איז ענדלעך אײַנגעפֿאַלן דער געדאַנק אָנצוקומען אין אַ היים פֿאַר אַלטע לײַט. בײַ אים איז קיין ספֿק ניט געווען, אַז די אַלטע וועט מיט אים מיט־גיין. זי וועט דאָך אים ניט לאָזן אַוועקגיין אַליין, נאָך דעם ווי זי האָט מיט אים פֿאַרבראַכט אַ גאַנץ לעבן. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז

[4] (ע׳) מאַשין־שרייבער.

כּאָטש זי גיט טייל מאָל געדעכט די קינדער, ווייס זי פֿון דעסט וועגן, אַז ער איז געדעכטער פֿון זיי, אלא, וואָס דען? אַ מאַמע, אַ יידענע...

דענקענדיק וועגן אַ „היים", האָט ער זיך אָבער באַלד דערמאָנט, ווי זיינער אַ לאַנדסמאַן, אויך אַ ייד אין זיין עלטער, איז אָנגעקומען אין אַ מושבֿ־זקנים, וואָס ווערט אויפֿגעהאַלטן פֿון דייטש־אַמעריקאַ־נישע יידן, יאַהודים, אין ניו־יאָרק — האָט מען אים דאָרט גלייך אָפּגעשניטן די באָרד, געמאַכט אים פֿאַר אַ פֿאַרזעעניש, אַז עס האָט ממש געשווינדלט אויף אים צו קוקן... דערצו האָט מען אים נאָך דאָרט געגעבן עסן טרפֿות און געזשאַלעוועט אַ ביסן ברויט. קיין שבת, קיין יום־טובֿ, גויאישע באַדינער...

*

דער קאַמף איבער דעם אַוועקציִען זיך פֿון יידישן קוואַרטאַל איז אָנגעגאַנגען ביי דער פֿאַמיליע ליוויי אַ שטיק צייט און, ווי אַ קריגסהעלד, וואָס וויל ניט אויפֿגעבן זיין פּאָזיציע, איז דער אַלטער מיסטער ליוויי געשטאַנען אומבויגזאַם אויף זיין שטאַנדפּונקט און זיך ניט געלאָזט אַוועקטרייבן אויף איין־איינציקן שפּאַן. ער האָט ניט געוואָלט אַוועקציִען פֿון זיינע יידן. ערשט איין מאָל האָט ער זיך פּלוצלינג אַרומגעזען מיט גרויס ערגערניש, אַז די שול, אין וועלכער ער דאַוונט שוין אַזוי פֿיל יאָרן, ווערט אַלץ ליידיקער און ליידיקער, און עס פֿאַנגט־אָן גאָר ניט זעלטן צו פֿעלן אַ מנין. און איין מאָל, ווען ער איז געקומען אין שול, איז צוגעגאַנגען צו אים ר' איסר, דער שמש, און האָט זיך אָנגעזאָגט פֿון זיין שטעל.

— עס לוינט ניט... — האָט דער שמש דערקלערט — איך קען קיין לעבן ניט מאַכן. אַלע באַלעבאַטים זיינען אַוועק אין די בראָנקס און אין אַנדערע ערטער. אַ סך זיינען אויסגעשטאָרבן און די יונגע דאַוונען ניט...

מיסטער ליוויי האָט געפֿילט, ווי די שול ברעכט זיך אונטער אים און איר אַלטער הייליקער דאַך קראַכט איבער זיין גרויען קאָפּ... אַ ווייל האָט ער אָנגעקוקט דעם שמש מיט כּעס און פֿאַראַכטונג. דאַן האָט ער זיך אָפּגערופֿן:

— קיין אַנדער אינטערעס, הייסט דאָס, האָט איר ניט אין מקום־קדוש, ר׳ איסר, ווי נאָר זיך אויסשלאָגן דערפון אייערע הוצאות? קוים באַצאָלט זיך אײַך די ייִדישקייט ניט גוט גענוג, ווילט איר פון איר אַנטלויפן... מיר טוט לייד, ר׳ איסר, וואָס איך האָב אײַך ביז איצט ניט געקענט. איך האָב אַלץ געמיינט, איך זע אַ האַרץ און האָב גאָר דערזען אַ קעשענע... גוט! — האָט ער ענדלעך אויסגערופן און זיך אַוועקגעשטעלט גלײַך און שטאָלץ ווי אַן אַלטער דעמב — גוט, ר׳ איסר, אײַער אַנטזאָגונג איז אָנגענומען. אויב אײַך לוינט ניט צו זײַן גאָטס קנעכט, דאַן לוינט דאָס פאַר מיר...

און וואַרפנדיק אַ בליק פון עקל אויף דעם שמש, איז מיסטער ליוויי אַוועק פון זײַן „שטאַט" אויבן אָן און, זיך שטעלנדיק אויפן באַלעמער, האָט ער קודם געהייסן דער חברה ווילן אַ נײַעם פּרעזידענט. דאַן האָט ער אויסגערופן פאַרן גאַנצן עולם, אַז אַזוי ווי ר׳ איסר האָט זיך אַנטזאָגט פון שמשות, ווײַל דאָס באַצאָלט זיך אים ניט און אַזוי ווי די שול מוז האָבן אַ מענטש, וואָס זאָל האַלטן אַלץ אין אָרדענונג און באַדינען די ייִדן, וואָס קומען דאַווענען, מיט איין וואָרט, אַזוי ווי גאָטס הויז קען ניט בלײַבן אויף הפקר, בכן — אויב דער עולם וועט וועלן — וועט ער זײַן דער שמש און זיך באַנוגענען מיט וויפל דאָס וועט אים טראָגן.

אין שול איז געוואָרן אַ גערויש, אַ שושקערײַ און אַ הייבן מיט די אַקסלען. דאַן איז געוואָרן שאַ, שטיל, ווי אין אַן אויער.

דער עולם האָט אָפּגעדאַוונט און איז לאַנגזאַם אַוועק און ליוויי האָט צוגענומען בײַ ר׳ איסרן דעם שליסל פון שול און איז געבליבן איינער אַליין אָפּשטויבן דעם אָרון־קודש, דעם שולחן און די שטענדערס, און צוזאַמענלייגן די באַלעבאַטישע טליתים... ער האָט אָנגעפולט מיט פרישן אייל דעם נר תמיד און האָט שטיל און נשמהדיק געזונגען מה טובו אוהליך יעקב משכנותיך ישראל.

*

מיסעס ליוויי האָט שפּעטער אַוועקגעצויגן מיט די קינדער און מיסטער ליוויי האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט זײַנע ייִדן.

## דעם פּאַרפאַסערס ווייב

ווען איר מאַן האָט געלעבט, פלעג איך זײַן אַן אָפטער גאַסט בײַ זיי אין הויז. ער איז געווען דער בעסטער מענטש צווישן ייִדישע שרײַבערס, אַ משׂכּיל פון אַלטן דור, אַן אַקאַדעמישע בילדונג אין אַן אירע אויסגעשטודירטע חסרונות. ער האָט ליב געהאַט ייִדן און ייִדישע קענערס.

עס זײַנען געווען פאַרשיידענע מיינונגען איבער זײַן אַרטיסטישקייט אין שרײַבן ראָמאַנען און טעאַטער־שטיקער, ווײַל ער איז געווען איינער פון די ערשטע; עס איז אָבער געווען איין מיינונג איבער זײַן מענטשלעכקייט. אַלע האָבן אים רעספּעקטירט ווי אַ הויפּט אָרענטלעכן מענטשן. זײַן טיר איז שטענדיק געווען אָפן פאַר אַלע ייִדישע און העברעישע שרײַבערס, פאַר די יונגע און אַלטע. ער האָט פאַר יעדן געהאַט אַ וויץ און אַ גוטן ציגאַרעט און זי — אַ גוטע גלאָז טיי, אַ שמייכל און אַ גוט וואָרט.

אָבער די פרוי פון אַ ייִדישן ליטעראַט לעבט נאָר כּל־זמן איר מאַן לעבט, און אַפילו דאַן האָט זי נאָר אַ שטיקל באַטרעף, ווען זי איז אין געזעלשאַפט מיט אים צוזאַמען, געשיצט אונטער די פליגל פון זײַן רעפּוטאַציע. איז איר מאַן טויט, ווערט דער קרײַז פון איר באַקאַנטשאַפט אײַנגעשרומפּן און זי בלײַבט נאָר אין די פיר ווענט פון איר נאָענטסטער משפּחה. מערסטנס אָבער איז זי מיט זיך אַליין, עלנט, פאַרלאָזן און פאַרגעסן.

מײַן פרײַנדס פרוי איז אין דער באַציִונג קיין אויסנעם ניט געווען. איר מאַנס חבֿרים און פאַרערערס האָבן אין איר כּמעט אין גאַנצן פאַרגעסן און זי געפינט זיך נאָר אין דער ענגער נאָענטקייט פון איר פאַמיליע. זי איז דערפאַר געווען אײַנגענעם איבערגעראַשט מיך פלוצלינג צו טרעפן אין מיטן קאַנעל סטריט.

— גאָט האָט אײַך דאָ אונטערגעשיקט! — האָט זי געזאָגט — איך האָב אײַך טאַקע געוואָלט אויפזוכן. איך האָב אײַך זייער וויכ־

טיקס צו דערציילן. איך וויל, איר זאָלט דאָס באַשרײַבן אין צײַטונג, נאָר זעט, אַז מײַן ערע זאָל דערבײַ ניט לײַדן.

אַזוי רײדנדיק, האָט זי געגומען וויינען. די טרערן האָבן זיך געגאָסן איבער איר פאַרזאָרגטן פּנים. דאָס האַרץ האָט מיר פאַר־קלעמט.

— וואָס איז געשען? — האָב איך געפּרעגט גערירט.

— מען האָט מיך שרעקלעך באַליידיקט — האָט זי געכליפּעט

— ביטער באַליידיקט. איך קען דאָס ניט אַריבערטראָגן. ווען מײַן מאַן וואָלט געלעבט, וואָלט דאָס ניט געשען. ווי איז אָבער דער פרוי פון אַ יידישן שרײַבער! קיינער דערמאָנט זיך אין איר ניט, קיינער אינטערעסירט זיך ניט מיט איר. נידעריק, זייער נידעריק שטייט נאָך די פרוי בײַ אונדז, יידן. צום ערגסטן אָבער איז דער פרוי פון דעם יידישן ליטעראַט און דיכטער. זי העלפט איר מאַן קעמפן, לײַדן און הונגערן; זי טיילט מיט אים אַלע זײַנע לײדן און באַליידיקונגען, וואָס ער שטייט־אויס פון זײַנע שונאים און אומגערעכטע קריטי־קערס. אָבער די ערע פון זײַן דערפאָלג איז קיין מאָל ניט אירע. זי העלפט אים טראָגן זײַנע דערנער; זי באַקומט אָבער ניט קיין איינציקן בלעטל פון זײַנע לאָרבערס, וואָס זי, מיט איר ליבע, טרײַ־הייט און איבערגעגעבנקייט, העלפט אים געווינען. אָ, איך בין גע־קרענקט ביז אין מײַן טיפסטן אינערן.

די טרערן האָבן איר געשטיקט. איך האָב געפילט, אַז עמעצער האָט איר שרעקלעך ווי געטאָן, ווײַל דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב געהערט אָט די שטאָלצע פרוי זיך באַקלאָגן. איך האָב זי געבעטן און זי האָט גייענדיק מיר דערציילט.

— זינט מײַן מאַן איז געשטאָרבן — האָט זי ווידער אָנגעפאַנגען

— פאַרברענג איך איינע אַליין. איך קען זיך ניט באַקלאָגן אויף מײַנע קינדער, אָבער זיי זײַנען יונג און איך בין אַלט. זיי קענען ניט ווידמען זייער גאַנצע צײַט אין מײַן געזעלשאַפט. זיי ווילן לעבן. איך האָב נאָך קיין מאָל ניט געלעבט און איצט איז שוין צו שפּעט, איבער הויפּט ווען דער לעבנס־באַגלייטער ליגט אין קבֿר. קיינער

קומט ניט צו מיר, קיינער ווייס ניט ווי איך לעב, פון וואַנעז איך לעב, כאָטש אַלע ווייסן, אַז מײַן מאַן האָט מיר קיין געלטמיטלען ניט איבערגעלאָזט. אַ באַרימטער ייִדישער שרײַבער. אַ גרויסער **נאָמען. אַ גרויסע לוויה. אָבער — מישטיינס געזאָגט!...**

— **זיץ איך איינע אַליין און לייען מײַן מאַנס כתבים. יעדע** באַוועלע, יעדער ראָמאַן און יעדע טעאַטער־שטיק דערמאָנט מיך אין אַ שטיק פאַרלוירן לעבן. איך דערמאָן זיך, אין וועלכע אומ־שטענדן זיי זײַנען פאַרפאַסט געוואָרן, און הער ניט אויף צו זיפצן. **אַזוי פאַרברענג איך מײַנע שבתים און ימים־טובים, אַ פאַרגעסענע,** אַ לעבעדיק־געשטאָרבענע.

— נעכטן גיי איך אַרויס אין גאַס און זע אויף אַ ייִדישן טעאַ־טער־אַפיש, אַז אין איינעם פון די ניו־יאָרקער ייִדישע טעאַטערס שפילט מען מײַן מאַנס אַ קאָמעדיע. עס האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן. די געשיכטע פון דער דאָזיקער קאָמעדיע איז אַ טראַ־געדיע פאַר מיר.

זי האָט אַ שווערן זיפץ געטאָן און האָט פאַרגעזעצט:

— **דאָס איז געווען אין אַ צײַט פון אַ שווערן קריזיס אין דעם** היגן ייִדישן טעאַטער. עס איז פשוט ניט געווען וואָס צו שפּילן. די אַלטע שטיקער האָבן ניט מער געצויגן קיין עולם און די נײַע שטי־קער פון די נײַע פאַרפאַסערס פלעגן מיאוס דורכפאַלן. די טעאַטער־מענעדזשערס זײַנען אַרומגעגאַנגען ווי צעמישטע. זיי זײַנען צוגע־פאַלן צו מײַן מאַן, ער זאָל זיי ראַטעווען. ער האָט ניט געוואָלט מיט זיי האַנדלען, ווײַל כאָטש דאָס ייִדישע טעאַטער האָט זיך אויף זײַנע הענט דערצויגן און אַ סך פון די איצטיקע סטאַרן האָט ער געלערנט ווי צו גיין אויף אַ בינע, יאָ, כאָטש ער האָט זיי געמאַכט פאַר לײַט, די מענער ווי די פרויען, האָבן זיי אָבער פאַרגעסן וואָס עס איז געווען אין רוסלאַנד מיט איבער אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק. דאָ זײַנען זיי געוואָרן רײַך און גרויס בײַ זיך. אין אַ צרה זײַנען זיי געקומען צו מײַן מאַן. ער האָט פראָסט רחמנות געהאַט

אויף זיי און האָט פאַרפאַסט אַ קאָמעדיע, וועלכע האָט זיי ממש גליק־לעך געמאַכט.

— לומפּיקע הונדערט און פופציק דאָלער האָט מײַן מאַן גע־נומען פאַר די פּיעסע. דער טעאַטער אָבער האָט געמאַכט פון דרײַסיק ביז פערציק טויזנט דאָלער פּראָפיט אין איין סעזאָן. גוטע פרײַנד האָבן געזוכט צו באַוועגן די טעאַטער־באַלעבאַטים, זיי זאָלן כאָטש מאַכן מײַן מאַן אַ מתנה אַ פּאָר הונדערט דאָלער, אָבער זיי האָבן זיך אויסגעלאַכט.

— צופעליק שפּילט מען הײַנט אָט די פּיעסע און מערקווערדיק, דאָס מאָל זוכט מען אויך מיט דעם שטיק צו ראַטעווען דעם סעזאָן, ווײַל די „נאַרישע וואָך" איז דורכגעפאַלן און מײַן מאַנס קאָמעדיע פולט זיי אָן די קאַסע און ברענגט געפּאַקטע הײַזער.

— ווי געזאָגט, דאָס האַרץ איז פאַרביטערט, איך האָב שוין ניט האַרציק אַ לאַך געטאָן זינט יאָרן, האָב איך גענומען מײַנע אַ שכנטע און בין מיט איר אַוועק זען מײַן מאַנס טעאַטער־שטיק.

דאָ האָבן זיך איר געשטעלט די טרערן אין האַלדז, זי האָט מער ניט געקענט ריידן. זי האָט אַרויסגענומען איר ווײַס טאַשן־טיכל און זיך אויסגעווישט די אויגן.

— וואָס, מיינט איר, איז געווען דער סוף? — האָט זי קוים אַרונטערגעשלונגען איר שמאַרץ.

— אַ קשיא אויפן ידישן טעאַטער! — האָב איך פּראָבירט טרעפן — זיי האָבן אײַך אפשר גאָר ניט אַרײַנגעלאָזן.

— איר האָט געטראָפן! — האָט זי געזאָגט — זיי האָבן מיך בשום אופן ניט געוואָלט אַרײַנלאָזן. ווען איך האָב זיך דאָך אײַנגע־בעטן, האָבן זיי מיך מיט מײַן פרײַנדין אַרײַנגעלאָזט אין טעאַטער, אָבער אַזוי ווי מיר האָבן ניט געהאַט קיין בילעטן, האָט אונדז דער טעאַטער־משרת ניט געוואָלט געבן קיין זיץ און האָט געשיקט אַרײַנ־רופן דעם מענעדזשער.

— „אָ, מיסיס... — האָט זיך דער מענעדזשער אָפּגערופן צו מיר — איר האָט זיך גראָד אויסגעקליבן קומען דאָ, ווען דער

טעאַטער איז געפּאַקט און עס איז קיין איין ליידיקע שטול ניטאָ. איר מוזט גיין צוריק!" און אַזוי ריידנדיק איז ער אַרויס און אַרײַנגעשיקט אַ טעאַטער־קנעכט, אַ פּרעכן יונגאַטש אין אַן אוניפֿאָרעם, און ער האָט אָנגענומען מײַן פֿרײַנדין און מיך און האָט אונדז ביידן אַרויסגעפֿירט. איך האָב געפֿילט, ווי די ערד זינקט אונטער מיר. איך בין שיִער אומגעקומען פֿאַר פּײַן און חרפּה. באַשרײַבט דאָס אין צײַטונג. זאָל כאָטש די וועלט וויסן, ווער אונדזערע טעאַטער־מענעדזשערס זײַנען. נאָר זעט, אַז מײַן ערע זאָל דערבײַ ניט לײַדן, ווײַל איך שעם זיך פֿאַר מײַנע אייגענע קינדער. דערמאָנט ניט מײַן נאָמען און ניט דעם נאָמען פֿון טעאַטער, ווײַל דער עולם וועט זיכער ווערן אויפֿגעבראַכט פֿאַר כּעס און קען נאָך באָיקאָטירן דעם טעאַטער. איך וויל זיי, חלילה, ניט שעדיקן. זאָל זיך גאָט רעכענען מיט זיי! ער איז דער פֿאָטער פֿון יתומים און דער ריכטער פֿון אַלמנות. איבעריקנס וועלן זיי אָפּלייקענען די גאַנצע זאַך. עס וועט זיי ניט פּאַסן, ווײַל פֿאַר דער וועלט זוכן זיי צו דערשײַנען ווי אָרנטלעכע מענטשן און זיי וועלן נאָך מיך מאַכן פֿאַר אַ ליגנערקע.

איך האָב מײַן פֿרײַנדס אַלמנה פֿאַרזיכערט, אַז איך וועל די זאַך באַשרײַבן אין צײַטונג און האָב זי פֿאַרלאָזן. דאָס בלוט האָט אין מיר געקאָכט פֿון אויפֿרעגונג. ווען איך בין געקומען אין רעדאַקציע, האָב איך באַלד אָפּגערופֿן בײַם טעלעפֿאָן דעם מענעדזשער פֿון טעאַטער און האָב אים געפֿרעגט, צי עס איז אמת, וואָס איך האָב געהערט.

— אַ נעכטיקער טאָג! — האָט ער געענטפֿערט — דאָס האָט זיך איר געחלומט.

דאָס איז געווען אַ שרעקלעכער חלום — האָב איך געטראַכט — אַ חלום צו וועלכן עס איז קיין פּתרון ניטאָ. איך האָב געזיפֿצט אויף דעם שיקזאַל פֿון דעם פֿאַרפֿאַסערס ווײַב.

# געדאנקען איבער אלץ און אלעמען

אויב דו האָסט ניט גאָט אין האַרצן, איז אומזיסט וואָס דו זוכסט אים אין הימל.

*

ניט יעדער, וואָס האָט געלערנט געאָגראַפיע, ווייס ווו ער איז אין דער וועלט.

*

דער אמת האָט נישט קיין פאָטערלאַנד, דערפאַר שלעפט ער זיך אַרום אָן אַ היים.

*

ווו דער אמת הינקט, גייט דער שקר גלייך.

*

עס ווענדט זיך אין גאַנצן אין פליען, ווייל פליגל האָט די גאַנדז פונקט ווי דער אָדלער.

*

כדי צו קענען בלייבן, מוז מען פריער זיין.

*

וואָס קלענער דער מענטש, אַלץ גרעסער דער ניט-פאַרגינער.

*

מאַכן איז אַ גרויסקייט, איבערמאַכן — אַ געשמאַק און נאָכמאַכן אַ שוואַכקייט.

*

גרויסע פריידן און גרויסע ליידן קענען ניט ריידן.

*

ווען דו געפעלסט ניט זיך אַליין, ביסטו נישט ווערט צו געפעלן אַנדערע.

*

די מאַסע — דאָס מיינט גאָר און גאָר ניט.

*

שטייסטו איבער דער מאַסע, קען זי דיך ניט זען; ביסטו גלייך

מיט דער מאַסע, פֿאַרשטעלט זי דיך; און לייגסטו זיך פֿאַר דער מאַסע — טרעט זי אויף דיר.

*

שטאַנדהאַפֿטיקייט — אַ פֿלאָקן שטייט אויך אויף דעם זעלביקן שטאַנדפּונקט און איז דאָך אַ פֿלאָקן.

*

פֿאַר טייל מענטשן איז די וועלט אַזוי גרויס, אַז זיי פֿאַרלירן זיך אין איר, און פֿאַר אַנדערע אַזוי קליין, אַז זיי האָבן זיך ניט וווּ אַהינצוטאָן.

*

דער דערפֿאָלגרייכער מענטש פֿאַרגעסט שטענדיק אין די אומשטענדן, וואָס האָבן דאָס אים געהאָלפֿן ווערן, און שרייבט אַלץ צו צו זיך אַליין, אָבער דער שלימזלניק וואַרפֿט אַלץ די שולד אויף אַנדערע.

*

ווען דו ווילסט אויפֿהייבן אַ געפֿאַלענעם, מוזסטו זיך איינבייגן, און ווען דו ווילסט איינעם וואַרפֿן, מוזסטו שטיין שטייף.

*

מיט אַ גאָלדענער קייט איז אויך ניט גוט צו זיין געבונדן.

*

ווען דו היטסט ניט די צונג, וועט זי דיך אויך ניט היטן.

*

אַ לויזע צונג ברענגט אָפֿט געבונדענע הענט.

*

דער מענטש מאַכט אַ שנאַפּס, דער שנאַפּס אַ מענטשן — קיין מאָל.

*

אַ פֿאַרשטאָכענעם פֿינגער קען מען היילן, פֿאַרשטאָכענע אויגן — שווערלעך.

*

אַ שמייכל איז אַ ברכה, אַ שמייכלער — אַ פּלוך.

*

איינע פון די געמיינסטע געמיינקייטן איז שעלטן אַ טויבן און ווײַזן אַ בלינדן אַ פײַג.

*

פֿאַרברען ניט די בריק הינטער זיך, סײַדן דו קענסט שווימען.

*

דערצייל ניט דאָס, וואָס אַלע ווייסן, סײַדן דו קענסט דאָס דערציילן שענער און בעסער ווי אַנדערע.

*

דאָס בעסטע, ווען דו טוסט יענעם אַ טובֿה, אַז דו זאָלסט עס באַלד פֿאַרגעסן, ווײַל יענער וועט דאָס אויך ניט געדענקען.

*

די מענטשן דערנידעריקן דעם אמת און דער אמת דערהייבט די מענטשן.

*

עס איז מער קונסט אָנצוהאַלטן פֿרײַנד ווי זיי צו געווינען.

*

זײַ ניט מקנא די וואָס לאַכן שטענדיק, ווײַל זיי וועט דאָס וויינען אָנקומען שווערער.

*

גליקלעך איז דער וואָס ווייס ניט ווי אומגליקלעך ער איז.

*

דער וויץ, פֿון וועלכן מענטשן לאַכן און ער לאַכט ניט פֿון מענטשן, איז קיין וויץ ניט.

*

די ליבע קען ניט רעכענען און דער האַס איז צו פֿיל בעל־חשבון.

*

דער טײַסטער איז דער גרעסטער מײַסטער.

*

ווען דו האָדעוועסט אַ הונט אין הויז, מעגסטו זיך שטענדיק ריכטן אויף אַ ביס.

*

אַ ייִד טאָר אַפּילו קיין לומפּ ניט זײַן — די גויִים מיינען, אַז לומפּערײַ באַלאַנגט נאָר צו זיי אַליין.

*

זאָג אַ חכמה לאַנגזאַם און אַ נאַרישקייט אויף גיך.

*

דער נאַר זוכט צו מאַכן אומוויכטיק יענעם, דער חכם — צו מאַכן וויכטיק זיך.

*

אַ נאַר זוכט ניט וואָס אים פֿעלט, נאָר וואָס יענער האָט.

*

דער חכם זוכט די סיבה פֿון זײַן טעות, דער נאַר אָבער האָט קיין מאָל קיין טעות ניט.

*

דער נאַר זאָרגט וועגן יעדער קלייניקייט באַזונדער; דעם חכם אַרט די גאַנצע זאַך.

*

ווען דער אינטריגאַנט קען דיר נישט אַרײַנרוקן אַ מעסער, רוקט ער דיר אַרײַן אַ שלום עליכם.

*

דער מענטש לעבט נאָר כּל־זמן ער ליבט.

*

לײַדנשאַפֿט שאַפֿט ליידן.

*

אָפֿט טרעפֿט, אַז פֿאַר דער חתונה שפּילט מען אַ ליבע און אויף דער חתונה פֿאַרשפּילט מען זי.

*

ניט אַלע, וואָס האָבן תּנאָים מיטן גליק, האָבן מיט אים חתונה.

*

בײַטן אַ שײנע פֿרױ אױף אַ שענערע איז פּונקט װי בײַטן אַ מיטװאָך אױף אַ דאָנערשטיק.

*

אַ געפֿאַלענע פֿרױ זינקט טיפֿער װי אַ שטײן אין װאַסער.

*

אַ שײנע פֿרױ מאַכט אָפּט מיאוס דאָס לעבן.

*

„לױב ניט דעם טאָג באַגינען און אַ פֿרױ באַלד נאָך דער חתונה", און אַ נײַע פּיעסע נאָכן ערשטן אַקט.

*

ביכער געשריבן אָן אַן אײַנהאַלט האָבן נישט קײן אינהאַלט.

*

פּאָעזיע איז די קונסט צו זאָגן דעם אמת אַזױ שײן, אַז די װעלט זאָל מײנען, דאָס איז אַ ליגן, און זאָל זיך אײַנהערן.

*

בינעזער נעמען זיך אַרונטער די צעפּ, ייִדישע רעװורענדס — די בערד, ייִדישע װײַבער — די שײטלען, די מענטשהײט װערט אַלץ דערפֿון אַ האָר ניט בעסער.

*

ביכער, פּונקט װי מענטשן, דאַרפֿן ניט געאורטײלט װערן נאָך זײערע דיקע בײַכער און גראָבע רוקנס. גאַנץ ישעיה פֿאַרנעמט בלױז 28 בלעטלעך. דער נביא עובדיה — נאָר אײן־אײנציק בלעטל. האַמלעט באַשטײט פֿון 57 בלעטלעך. דער תהילים — 33 בלעטלעך. און הײנעס בוך דער לידער — 100 בלעטלעך. גטעהעס שענסטע לירישע ליד, אײן גלײַכעס, באַשטײט פֿון 8 שורות.

*

װען העברעיִש און ייִדיש װאָלטן געקענט אָנקלאָגן דאָס ייִדישע פֿאָלק אין ביגאַמיע, װאָלט ער זײ אפֿשר געמוזט בײדע אױסהאַלטן.

# צו דער כאראקטעריסטיק

## פון מאָריס ראזענפעלדס לעבן און שאַפן



בלעטער פון געשיכטע, שפּראַכפאָרשונג, קריטיק און זכרונות

## געאָרג בראַנדעס

# וועגן די פּאָגראָם־פּליטים פון רוסלאַנד אין 1882 *

... עס איז שוין גוטע אַנדערטהאַלבן יאָר, ווי עס איז דורך דאַנען דורכ־געפאָרן די ערשטע פּאַרטיע רוסישע ייִדן. דאָס זיינען געווען יונגע קרעפטיקע מענער, גוט צוגעפּאַסטע פאַר פּיאָנערן, און איצטער באַאַרבעטן זיי שוין ערד אין אַמעריקע, האָבן אויפגעבויט קאָלאָניעס און עס גייט זיי גוט. אין די שפּע־טערדיקע פּאַרטיעס זיינען שוין געווען אויך פרויען אין אַ היפשער צאָל. די גרוילן, וואָס אָט די מענטשן האָבן איבערגעלעבט, האָבן דער אויפגעקומענער עמיגראַציע פון אָנהייב אָן צוגעגעבן דעם כאַראַקטער פון אַ פאָלקס־איבער־וואַנדערונג. געווען צווישן אָט די אויסוואַנדערערס קינדער, וואָס האָבן געזען, ווי מען האָט דערהרגעט זייער טאַטע־מאַמע, און זיי האָבן דערציילט וועגן דעם. געווען מענער פון באַלטע, [illegible] המון האָט זיך אַריינגעריסן אין זייערע הייזער מיטן הסכם פון דער פּאָליציי, און גערויבט, געבראָכן, געשענדט. איינער האָט דערציילט, אַז בעת דער המון האָט געהאַלטן אין שטורעמען זיין הויז, האָט מען מאַנס געווען זיין טאָכטער פאַר זייגע אויגן, און ווען די מוטער איז אַרויס אין גאַס און גערופן זעלנערס צו הילף, האָבן די זעלנערס זי אויך געשענדט. זיי האָבן אַלע גערײַטעוועט נאָר דעם נאַקעטן נפש. אַ פּאַפּיראָסניק פון קיִעוו, מיט וועלכן איך האָב היינט גערעדט, האָט געזאָגט קורץ, אָן קלאָ־געניש: „פריִער האָט מען אונדז באַראַבעוועט, דערנאָך האָט מען אונדז אַרויס־געטריבן".

מערקווערדיק איז דער אופן, ווי אַזוי די דאָזיקע עמיגראַנטן־גרופּעס האָבן איינגעאָרדנט זייער נסיעה און זייער צוקונפט. איטלעכע גרופּע האָט איר רייזע־פירער, על־פּי־רוב אַ סטודענט, וואָס פירט־אָן און וועלכן מען פאָלגט; אַלע מיטגלידער (פון די גרופּעס) נעמען אויף זיך אַ נדר, אַז זיי וועלן זיך מיט

---

* פון בוך (אין דעניש), וואָס דער גרעסטער ליטעראַטור־קריטיקער פון 19טן י"ה האָט פאַרעפנטלעכט אין 1885, בערלין ווי די הויפּטשטאָט פון דער דייטשישער אימפּעריע, ווי אַ דאָקומענט געדרוקט אין געשיכטע פון דער ייִדי־שער אַרבעטער־באַוועגונג אין פאַראייניקטע שטאַטן, ייִוואָ, נ"י 1943, ב' 1, זז' 392—393.

אַלץ טיילן איינע מיט די אַנדערע. און דאָס דאַרף מען פאַרשטיין אַזוי, אַז זיי האָבן געשווירן (צו האַלטן זיך) אין אַ פולשטענדיק סאָציאַליסטישער אָר־דענונג. זיי האָבן צוגעזאָגט צו באַאַרבעטן אין אַמעריקע די ערד, וואָס ווערט געגעבן יעדער אָנקומענדיקער פּאַרטיע, אַזוי אַז דער באָדן און די אַרבעט־מכשירים זיינען אין גאַנצן שותפותדיקע, און אַפילו די פולע הכנסה געהערט דער גרופּע ווי אַ גאַנצער. זיי האָבן געשווירן, אַז קיין שום יחיד וועט זיך גישט פאַרנעמען מיט האַנדל: נאָר די פאַרוואַלטונג וועט פאַרקויפן די פּראָ־דוקטן אויפן קאָלעקטיוון חשבון. אין דעם איז פאַראַן אַ געמיש פון אַלט־רוסישע און פון מאָדערן־סאָציאַליסטישע אידייען, מיט אַ וווּנדערלעכן צוגאָב פון גאַציאָנאַלער אַמביציע. ווען מען רעדט מיט איינעם פון די אָרעמע און עגערגישע סטודענטן, וואָס פירט אַזאַ מין גרופּע איבערן אָקעאַן, שפּירט מען ביי אים דריי פאַרשיידענע מאָטיוון: ער גייט־אַרויס, מער־ווינציקער, באַוווּסטזי־ניק פון דער איינשטעלונג, אַז דאָס קאָלעקטיווע פאַרמעגן פאַר ערד אין דער רוסישער קאָמונע איז די ריכטיקע און נאַטירלעכע פאָרעם פון ערדבאַזיץ. ער איז דורכגעדרונגען מיט לפי־ערך גוט פאַרדייטע סאָציאַליסטישע אידייען, וואָס מען געפינט פאַרשפּרייט איבער גאַנץ רוסלאַנד, ספּעציעל אַ דאַנק די איבער־זעצונגען פון לאַסאַלס בראָשורן. לסוף איז ער טיף דורכגעדרונגען מיט דער כוונה צו טאָן זיין פליכט, כדי אָפּצוּווישן די אַלטע באַשולדיקונג קעגן יידן, אַז זיי קענען נאָר האַנדלען און נאָר זיי ווילן אָנקלייבן קאַפּיטאַל. ער און זיינע מייגונג־חברים זיינען ענטוזיאַסטן און אידעאַליסטן. די יסורים האָבן ניט געבראָכן זייער מוט, קיין איין מאָל ניט אָנגערירט זייער אָפּטימיזם. זיי פאָרן מיט צוטרוי צו דער גייער וועלט. צי וועט זייער סאָציאַליזם דאָרט קענען בליען? צי וועלן זיי אין אַ געזעלשאַפט, ווו אַלץ איז באַזירט אויף אינדיווי־דועלע שטרעבונגען, קענען אויפהאַלטן זייער קאָלעקטיוויזם? צי וועלן ניט די אינדיווידועלע פעיקייטן, ווען זיי וועלן זיך אַנטוויקלען, במילא אויפרייסן דעם רינג? גיכער פאַר אַלץ לייגט זיך אויפן שכל, אַז די גרופּעס וועלן זיך אין גיכן צעפאַלן, אָבער די סאָציאַליסטישע אָרדענונג זעט־אויס צו זיין צוגע־פּאַסט פאַר אָט דעם ערשטן דור ערד־אַרבעטערס — קאָלאָניסטן.

## שמואל קעניג

# פאַראייניקטע שטאַטן אין 19טן י״ה *

... במשך די צען יאָר 1890—1881 פון דעם אימיגראַציע־שטראָם איז געוואָרן אַ פאַרפּלייצונג. אין אָט דער צייט איז געוואַלדיק געשטיגן די צאָל אימיגראַנטן פון דרום־ און מזרח־אייראָפּע. די גרעסטע צאָל אימיגראַנטן האָבן דעמאָלט געגעבן איטאַליע, רוסלאַנד און עסטרייך־אונגערן. אין די ווייטערדיקע צען יאָר (1900—1891) איז די אַלגעמיינע צאָל אימיגראַנטן געפאַלן, אָבער מער ווי אַ העלפט פון אַלע אייראָפּעישע אימיגראַנטן זיינען געקומען פון דרום־ און מזרח־אייראָפּע. במשך פון די צען יאָר האָבן כמעט 2 מיליאָן פאַראָרעמטע און אונטערגעדריקטע מענטשן געזוכט און געפונען אין אַמעריקע אַ היים. דעם הויכפּונקט פאַר אַלע צייטן האָט דערגרייכט דער יאָרצענדלינג 1910—1901, ווען איבער 8 און אַ האַלבער מיליאָן אימיגראַנטן זיינען אַריינגעקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, און פון זיי זיינען אַן ערך 6 און אַ פערטל מיליאָן געקומען פון דרום־ און מזרח־אייראָפּע.

אַ גרויסער טייל פון די פריערדיקע אימיגראַנטן פון צפון־ און מערב־אייראָפּע, ספּעציעל די דייטשן און די סקאַנדינאַווער, זיינען אַוועק אין מידל־וועסט [1] און אין דער ווייטער וועסט. אָבער די מערהייט פון די, וואָס זיינען איצט געקומען פון דהום־ און מזרח־אייראָפּע, האָבן זיך באַזעצט אין די אינדוסטריעלע צענטערס פון דער איסט [2]. דאָס הייסט ניט, אַז זיי האָבן אין גאַנצן אויסגעמיטן די מערב־שטאַטן: שוין אין די 90ער יאָרן זיינען אין אַזעלכע שטעט ווי שיקאַגאָ, מילוואָקי, קליוולענד, דעטראָיט און אַ סך אַנדערע געווען גאַנץ קענטיק ישובים פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן פון דרום־ און מזרח־אייראָפּע. אָבער די גרויסע מאַסע אימיגראַנטן פון די דאָזיקע טיילן אייראָפּע האָט זיך באַזעצט בעיקר אין די מזרחדיקע שטאַטן. אין אַ לפי־ערך קורצער צייט איז אַמעריקע, ריכטיקער, די שטאָטישע אַמעריקע, געוואָרן דאָס לאַנד פון דעם אימיגראַנט. ווי עס ווייזט אונדז די פאָלקסציילונג פון 1890, האָט מידל־וועסט אַליין געהאַט 3 און אַ האַלבן מיליאָן אימיגראַנטן; די פרעמדגעבוירענע באַפעלקערונג פון שיקאַגאָ איז אין דעם יאָר געווען אַזוי גרויס, ווי די גאַנצע באַפעלקערונג מיט 10 יאָר צוריק; אַ פערטל פון דער באַפעלקערונג פון פילאַ־

---

* פון 1טן ב׳ געש׳ פון דער יוד׳ ארב׳ באַוו׳/ד״ר שמואל קעניג — „טעריטאָריעלע אויסשפּרייטונג און אינדוסטריעלע עקספּאַנסיע״, זז׳ 24—26. —

[1] מיטל־מערב. — [2] מזרח.

דעלפיע, אַ דריטל פון באָסטאָן און היפּש איבער אַ דריטל פון די ניו־יאָרקער תּושבים זיינען געווען פרעמד־געבוירענע.

סוף פאָריקן יאָרהונדערט האָבן עטלעכע גרויסע שטעט אין די פאַראייניקטע שטאַטן געהאַט אירע אימיגראַנטישע קאָלאָניעס. אַפילו אין די דאָרפישע טיילן פון אַמעריקע זיינען אויפגעקומען ישובים, אַ מאָל אַפילו גאַנצע דערפער, וואָס די באַפעלקערונג איז געווען אין גאַנצן אָדער דאָס רוב אַ פרעמד־געבוירענע אָדער פון פרעמד־געבוירענע עלטערן. געשלאָגן פון ביטערער נויט, אָן דעם לשון פון לאַנד, ניט קענענדיק די מנהגים און די לעבנס־תּנאים פון זייער נייער היים — האָבן זיי זיך געקלאַמערט אין די אָרעמסטע קוואַרטאַלן פון די שטעט, וואָס זייערע פריִערדיקע איינוווינערס האָבן זיי פאַרלאָזט, כּדי אַריבער־צוגיין אין בעסערע שטאָטטיילן. אין דאַונטאַון[3] פון ניו־יאָרק האָבן זיך באַזעצט ייִדן און איטאַליענער: ייִדן — דאָרטן, וווּ עס זיינען פריִער געווען דייטשן, און איטאַליענער — וווּ עס זיינען פריִער געווען אירלענדער. די אונגערן האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום האַוסטאָן־סטריט[4] און די טשעכן אין דער העכערער איסטסייד[5]. אַנדערע גרופּעס האָבן אויך געשאַפן קליינע אינדזלען אין דעם אָדער יענעם טייל שטאָט.

אָט די קליינע וועלטעלעך אין מיטן פון אַ גרויסער וועלטשטאָט האָבן זיך געלעבט נאָך דעם מוסטער נאָך פון זייער אַלטער היים. עטלעכע עטנישע גרופּעס האָבן זיך געהאַלטן ביי חעם שטייגער לעבן און ביי די מנהגים, וואָס מען האָט געבראַכט מיט זיך. דאָס זיינען געווען שטיקער איטאַליע, פּוילן, רוס־לאַנד, כינע, אַריבערגעפלאַנצט אין אַ נייער און מאָדנער וועלט. די דאָזיקע גרופּעס האָבן געווינט קאָמפּאַקט, געלעבט מיט זייערע אייגענע טראַדיציעס, געשאַפן זייערע אייגענע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס: דאָס איז געווען דער איינציקער אופן, ווי אַזוי מענטשן, וואָס מען האָט זיי אַריינגעוואָרפן אין גאָר אַ פרעמדער סביבה, האָבן זיך געקענט ראַטעווען פון דעמאָראַליזאַציע און זיך צופּאַסן צום נייעם לעבן. איטלעכע גרופּע האָט געבראַכט מיט זיך איר קולטור־ירושה, טראַדיציעס, איר שטייגער לעבן און איר שפּראַך. אָט די קולטור־ווערטן זיינען געווען טיף פאַרוואָרצלט אין די מוחות און אין די הערצער פון די פעלקער, און זיי האָבן זיך געמיט זיי אויפצוהיטן אין דער נייער וועלט. די ייִדישע אימיגראַנטן פון יענער צייט האָבן געהאַט נאָך אַ סיבה צו האַלטן זיך אין איינעם, צו לעבן אין קאָמפּאַקטע קאָלאָניעס — די ייִדישע רעליגיע און די ייִדישע מנהגים. מען קען לעבן ווי אַ טראַדיציאָנעלער ייִד נאָר ווען מען לעבט אין איינעם מיט נאָך ייִדן.

---

[3] נידעריקער טייל פון דער שטאָט. — [4] גאַס האַוסטאָן. — [5] מזרח־זייט, די ייִדישסטע געגנט פון ניו־יאָרק.

יהודית גרינפעלד

# די שוויצסיסטעם און די יידישע שניידערס אין נאָרד־אַמעריקע *

אין אָנהייב פון 19טן יאָרהונדערט האָבן נאָך דאָס רוב אַמעריקאַנער געטראָגן קליידער, וואָס זייערע ווייבער און טעכטער פלעגן פאַר זיי אויפנייען. נאָר די רייכע האָבן זיך געקענט פאַרגינען צו טראָגן בעסערע מלבושים, באַשטעלט ביי קוואַליפיצירטע שניידערס.

די פּראָדוקציע פון פאַרטיקע מענער־מלבושים האָט זיך אָנגעהויבן אין די 20ער יאָרן פון פאָריקן י״ה. די פאַרטיקע קליידער פון יענער צייט זיינען געווען פון אַ גאַנץ ביליקן סאָרט און ענלעך צו די, וואָס פרויען פלעגן אויפנייען פאַר זייערע מענער. דערמיט דערקלערט זיך, אַגב, פאַר וואָס מען האָט אָנגעהויבן צו באַשעפטיקן פרויען, בעת עס האָט זיך גענומען אַנטוויקלען די דאָזיקע אינדוסטריע. די מענער־שניידערס האָבן אין די ערשטע יאָרן פון דער אינדוסטריע טאַקע גאַנץ שטאַרק געפילט די קאָנקורענץ פון די פרויען, און אין 1820, למשל, האָט מען אין אַ לאָנדאָנער אויסגאַבע פאַר איבערוואַנדערערס געוואָרנט ענגלישע שניידערס, וואָס האָבן געוואָלט פאָרן קיין אַמעריקע, אַז זייערע פאַרדינסטן אין ניו־יאָרק וועלן זיין קלענער ווי געווען, מחמת דער דאָרטיקער קאָנקורענץ „מצד פרויען און יינגלעך, וואָס זייערע שכירות זיינען מיט 85 ביז 50 פּראָצענט קלענער איידער ביי די מענער־שניידערס... גוט פאַרדינען קענען נאָך אַ מאָל צושניידערס, ווייל פרויען טויגן זיך ניט אויס אַזוי גוט פאַר דער דאָזיקער מלאָכה און עס איז פאַראַן אַ נאָכפרעג אויף מענער. הויזן אָבער ווערן געניייט אויסשליסלעך פון פרויען״. היות ווי די פּראָדוקציע פון קליידער איז געווען אַ טראַדיציאָנעלע היים־באַשעפטיקונג פון פרויען, איז ממילא קלאָר, אַז וואָס מער קליידער מען האָט פּראָדוצירט אין די פאַבריקן, אַלץ ווייניקער אַרבעט איז פאַרבליבן פאַר די פרויען, וואָס פלעגן זיי נייען אין דער היים. דאָס, ווידער, האָט געפירט צו דעם, וואָס אַ סך פרויען האָבן אָנגעהויבן זוכן אַרבעט אין די פאַבריקן. עס קומט במילא אויס, היסטאָריש גע־

---

* פון ב׳ 1, געש׳ פון דער יִד׳ אַרב׳ באַוו׳, זז׳ 356—373.

גומען, אַז נישט פרויען האָבן אַוועקגענומען אַרבעט פון מענער־שניידערס, נאָר, פאַרקערט, אַ סך פרויען זיינען געוואָרן אַרבעטלאָז צוליב דער ניי־אַנטוויקלטער אינדוסטריע פון פאַרטיקע קליידער. די סיסטעם פון היימאַרבעט און די שרעקלעכע עקספּלאָטאַציע האָבן געשפּילט אַ באַדייטיקע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון דער קליידער־אינדוסטריע טאַקע מחמת דעם, וואָס עס זיינען געווען אַ סך פרויען, גרייט צו אַרבעטן פאַר זייער ביליק.

... עס איז געווען מערקווערדיק, וואָס גראָד דער רוסיש־ייִדישער אימיגראַנט האָט זיך ניט נאָר פיזיש צוגעפּאַסט צו דער שוויצסיסטעם, נאָר איז דאָ אַפילו געווען מער פּראָדוקטיוו, ווי די אַנדערע אימיגראַנטן. היות מען האָט געאַרבעט אין גרופּעס האָט יעדער איינער באַדאַרפט זיך צופּאַסן צו דעם טעמפּאָ פון די מער גיכערע אַרבעטערס; דעריבער פלעגט אָפט פּאַסירן, אַז אַן אָפּערייטאָר איז אַרומגעגאַנגען אָן אַרבעט, ווייל ער האָט נישט געקענט געפינען אַזוינע מיטאַרבעטערס, וואָס זיינען געווען צוגעפּאַסט צו זיין פלינקייט. אויף אָט דער אייגנשאַפט ווייזט־אָן אויך דער אָפיציעלער ראַפּאָרט, וואָס שרייבט, אַז „מיט זייער טשיקאַווער סיסטעם פון אַרבעטן גרופּעסווייז און מיט זייער נייגונג צו שטיקאַרבעט, האָבן די ניו־יאָרקער ייִדישע שניידערס אויסגעפונען אפשר דאָס שאַרפזיניקסטע און פּראָדוקטיווסטע מיטל פון איבער־אָנשטרענגונג, וואָס מען קען נאָר געפינען אין דער מאָדערנער אינדוסטריע"...

די סיסטעם האָט אַלץ מער און מער פאַרגרעסערט די פּראָדוקטיווקייט פון אַרבעט. בעת ייִדישע אימיגראַנטן האָבן אַרום 1880 איינגעפירט די דאָזיקע סיסטעם, פלעגט דער וואָס האָט געאַרבעט ביי זיך אין דער היים און וואָס האָט געקענט, מיט דער הילף פון די מיטגלידער פון זיין פאַמיליע, אויפנייען אַ מאַנטל אין אַ 24 שעה, פאַרדינען 25 סענט אַ שעה. אין די ערשטע יאָרן פון דער צילסיסטעם פלעגט אַ גרופּע ייִדישע שניידערס דאַרפן אויפנייען פון 8 ביז 10 מאַנטלען אַ טאָג, וואָס זיי האָבן געקענט אָן שום שוועריקייטן מאַכן במשך פון 8 אָדער 10 שעה. מיט צוואַנציק יאָר שפּעטער, אַרום 1900, האָבן זיי שוין באַדאַרפט פּראָדוצירן 20 און מער מאַנטלען פאַר די זעלביקע שכירות. עס איז לכן קלאָר, אַז די צילסיסטעם האָט טאַקע פאַרגרעסערט די פּראָדוקטיווקייט, דאָס מיינט, דאָס יאָגעניש פונעם אַרבעטער, אָבער גלייכצייטיק האָט זי פאַרקלענערט דעם לוין פאַר אַ מאַנטל. די אַרבעטערס האָבן זיך מער אָנגעשטרענגט, כדי מער צו פאַרדינען. דעריבער ווערט שטיקאַרבעט מיט רעכט אָנגערופן מאָרדאַרבעט.

נ. ב. מינקאָוו

# מאָריס ראָזענפעלדס אימפּעט אויפֿן באָדן פֿון דער פּראָלעטאַרישער אַמעריקע*)

... די עפּאָכע פֿון אַ נייעם ווענד אין דעם ייִדישן לעבן, אַ דאַנק דער פּראָלעטאַריזירונג פֿון די ייִדישע מאַסן און דער אויסקריסטאַליזירנדיקער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט פֿון זיך אַרויסגעטראָגן אַ נייעם באַנעם, אַ נייעם מאַטעריאַל, וואָס ראָזענפעלד האָט אויסגענוצט. אַ נייע פֿאָרעם פֿאַר דעם דאָזיקן מאַטעריאַל איז פֿון אים, ליידער, ניט געשאַפֿן געוואָרן. אַ פֿאָרעם, וואָס גייט־דורך אָדער פֿאָדערט יערונג אין דעם שאַפֿער, קאָן דערזען ווערן, ווען די פֿאָרעם ווערט דערהויבן מיט דעם באַהערשטן מאַטעריאַל.

אין די שפּעטערע יאָרן פֿון ראָזענפעלדס שאַפֿן, ווען ער האָט פֿאַרלוירן זיין פּרימיטיוון אימפּעט און האָט אָנגעהויבן זיך אַליין נאָכצומאַכן, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז

„עס האָט די וועלט קיין נייקייט מער,
איר קאָנט קיין נייס ניט לעזן".

אַז: „די פֿאָרמע — זי קאָן זײַן נאָר נײַ".
(דאָס אייביקע ליד)

... די רויע עלעמענטן אין ראָזענפעלדס אימפּעט, פּונקט ווי די נאַטור אין אירע אויסבראָכן, זיינען צעשטערעריש. זיי זיינען, אמת, אַ דערשיינונג פֿון אַ זעלטענעם כּוח און פֿון אַן אַנטבלויזטן ווילדן אורשפּרונג — אַ געשאַנק פֿון גאָר געציילטע פּאָעטן. איז אָבער ניט די דאָזיקע דערשיינונג, פּונקט ווי זי איז אין דער נאַטור, אַ זינלאָזע און אַ צעשטערנדיקע, אויב זי ווערט ניט געצוימט און אויסגעפֿורעמט אין אַ הויכער אָרדענונג, וואָס דערהייבט דעם מענטשן? דער מענטש ווערט דורך „זעלבסטבאַהערשונג גאָטס פֿריינד און דערגרייכט אומשטערבלעכקייט, אויב אַ שטערבלעכער האָט עס ווען ניט איז דערגרייכט" (פּלאַטאָ). ראָזענפעלדס דינאַמישקייט איז געווען אומגעצוימט, ניט קאָנטראָלירט, און דערפֿאַר אין די לעצטע יאָרן אויסגעשעפּט. איר האָט געפֿעלט די מיטווירקונג פֿונעם אינטעלעקט, וואָס וואָלט מיט דער הילף פֿון זיין ענערגיע און אָנשטרענגונג געפֿונען דויערהאַפֿטיקייט.

אין יענע לידער, ווו זיין אימפּעט האָט ניט פֿאַרפּלייצט דעם אינהאַלט, ווו די קלאָרקייט האַלט־איין די קערנדיקייט, אַנטפּלעקט זיך ראָזענפעלד ווי אַ זעלטענע קלאַסישע דערשיינונג אין דער ייִדישער דיכטונג. ער טראָגט־דורך דאָס טיטאַנישע אין אים אין אַ שווונגיקן טעמפּאָ, ברייטן פֿאַרנעם און פּילבאַדייטנדיקן, קרעפּטיקן טאָן.

* פֿון בוך „ייִדישע קלאַסיקער־פּאָעטן" — נ"י 1941, זז' 67—98.

... זיין שטורעמדיקע ענערגיע איז געווען זיינע אַן אינדיווידועלע אייגנשאַפט, זיין מעלה. דער חסרון אָבער פון זיין אומקריטיש־פרימיטיוון אופן פון באַהאַנדלען זיין מאַטעריאַל ליגט אין זיין סביבה, אין זיין קלאַס, וואָס איז געווען באַרויבט פון וועלכע ניט איז קונסט־קולטורעלע מעגלעכקייטן. האָט דען ניט געהערשט דעמאָלט דער באַגריף, אַז פאָרעם איז אַן עסטעטישע, ד״ה, אַ דרויסנדיקע און אַן אומנייטיקע קאַטעגאָריע?

טראַכטן וועגן דער ענערגיע פון קריסטאַליזאַציע און וועגן דעם אָנשטרענג צו באַהערשן דעם מאַטעריאַל איז געווען פאַר ראָזענפעלדס סביבה אַן אוממעגלעכקייט און אַן אומבאַוווסטע דערשיינונג. די אוממעגלעכקייט איז געלעגן אין דעם מצב פון דעם יידיש־עמיגראַנטישן לעבן אין אַמעריקע אין דער צייט פון ראָזענפעלדס פאָעטישן אויפבלי. די „שוויצפאַבריק״־סיסטעם איז געווען די באַזע פון דעם דאָזיקן לעבן אין אַ ברוטאַלער וועלט פון דאָלער, פויסט און ווילדער שוינלאָזיקייט. דאָס רויע אין לעבן איז אָנגענומען געוואָרן ווי דאָס פאָזיטיווע און, נאַטירלעך, אַז דער רעוואָלט קעגן דער רויקייט האָט אַרויסגעפירט פראָבלעמען פון עטישער דערהייבונג אין דער געשטאַלט פון אַ שטאַרקער אַרבעטער־באַוועגונג און פרעסע. דאָס פרימיטיווע, סיי אין מיטלען און סיי אין קאָנצעפציעס, איז אָבער אַלץ פאַרבליבן דאָס זעלביקע ביי די דעמאָלטיקע יידיש־עמיגראַנטישע אָנזאָגערס פון סאָציאַלער גערעכטיקייט.

עסטעטישע פראָבלעמען זיינען פאַר זיי געווען, און לײַדער פאַרבליבן ביז איצט, אַן אומבאַוווסטע קאַטעגאָריע. די געשטאַלטונג פון פאָרעם אין די ערשטע יידיש־אַמעריקאַנער פאָעטן איז, פאָלגלעך, געווען אַ זעלטנקייט. דעריבער האָבן אורשפרינגלעכע כוחות, וואָס האָבן געדרעמלט אין דער פאָעזיע, זיך אַרויסגעריסן, אָן זייער שולד, מיט אַ כאַאָטישן איבערפלוס פון עמאָציע און מיט אַן ענערגישער שלאַבעריקייט.

דער באַגריף וועגן „גבורה״ אין אונדזער ליטעראַטור קאָן דינען ווי אַ ביישפיל. איז עס ניט אַ כאַראַקטעריסטישער באַווייז פון אומרייפקייט, ווען ס׳ווערט אָנגענומען, אַז גוואַלדנדיקע און ליאַרעמדיקע איבערגוסן דריקן־אויס כוח? דאָס הילכיקע וואָרט און שטאַרקע פראַזירונג איז פאַררעכנט געוואָרן פאַר גבורה. דאָס האָט געשאַפן אָפשיי פאַר דעם פרימיטיוו. דער אויסלייז, דערגרייכט דורך גייסטיקער דיסציפלין, דורך ריינקייט, שפאָרעוודיקייט און דורך הויכער שכלדיקייט, האָט ווייניק וואָס באַדייט. נאָר דאָס רויע, דאָס אומפינקטלעכע, דאָס כאַאָטישע, וואָס איז אין דער אמתן לויז און שוואַך אין באַצווינג, האָט אויסגענומען. דאָס געברויכן פון שטאַרקע וואָרט און „גבורהדיקע״ פראַזע — איז דאָס ניט די שטענדיקע פאַרגיטיקונג פאַרן שוואַכקייט־קאָמפלעקס פון די „גבורהדיקע״?

ה. רויזענבלאַט

## מאָריס ראָזענפעלדס שוואַכקייטן *

... דאָס איז געשען אין 1906 אָדער אַ יאָר שפּעטער. אין דרייען זיינען מיר: קלמן מרמר, א. וואָהלינער (אויב דער זכרון דינט מיר) און איך — געקומען מבקר־חולה זיין מאָריס ראָזענפעלדן. ער האָט דעמאָלט געוווינט אין יאָנקערס, נ״י. ראָזענפעלד האָט אונדז וואַרעם אויפגענומען, געשטעלט כיבוד. ביי אַ גלעזל טיי האָט זיך פאַרוויקלט אַ שמועס, ווי ס׳איז געווען צו דערוואַרטן, וועגן יידישער ליטעראַטור, יידישע שרייבערס — דער עיקר — וועגן פּאָעטן און פּאָעזיע. דאַרף זיך מרמר (ניט מיט קיין שלעכטער כוונה, חלילה), אַרויסכאַפּן און זאָגן, אַז חיים נחמן ביאַליק איז דער גרעסטער פּאָעט ביים יידישן פאָלק. איך האָב בעת־מעשה דערפילט ווי דאָס בענקל אונטער מיר האָט זיך אָנגעצונדן. איך היט ראָזענפעלדס פּנים, דער עיקר, דאָס מויל. דאָס פּנים איז כלערליי פאַרבן, אָבער דאָס מויל איז פאַרזיגלט, די ליפּן אַש־פאַרביק. ער האַלט זיך איין מיט אַלע כוחות ניט אויסצושיסן. אין אַ געדעמפּטער שטימונג געזעגענען מיר זיך מיט אים. אויף מאָרגן, אַז איך בין אַריינגעקומען צו ראָזענפעלדן אין שטוב, האָט ער אויף מיר אויסגעהאָגלט די גאַנצע כמאַרע, וואָס האָט זיך במשך זיין שלאָפלאָזער נאַכט אויפגעזאַמלט ביי אים אין האַרצן:

— ביאַליק! ביאַליק! ! ביאַליק! ! ! — האָט ער געהאַלטן אין איין האָגלען אויף מיר — אַזאַ חוצפּה! קומען צו מיר אין הויז אַריין און מיר צוויקן אין פּנים אַריין: ביאַליק, ביאַליק, ביאַליק! — איך בין דער גרעסטער פּאָעט ביי יידן און — טו מיר עפּעס!

איך האָב אים געפּרוווט איינגעמען, איינקאַסקען; געפּרוווט פאַרענטפערן מרמרן — ער האָט ניט געמיינט אַזוי ווי ער טייטשט עס אויס. ס׳האָט ניט געהאָלפן. דאָס דאָזיקע ווידערשפּעניקן קעגן זיין גרויסקייט איז אים לאַנג געלעגן אויפן האַרצן.

עס דערציילט זיך, אַז ווען מען האָט ראָזענפעלדן פאַרגעשטעלט אַברהם

---

* פון סתירות אין דעם טראַגישן לעבן פון מאָריס ראָזענפעלד, געדרוקט אין „די צוקונפט״, יאַנואַר 1959.

רייזענען, בעת רייזען איז דאָס ערשטע מאָל געקומען אין אַמעריקע, האָט ראָ־זענפעלד אים ניט „דערקאָנט"...

— מיסטער ראָזענפעלד, באַקענט זיך, דאָס איז אונדזער גרויסער דיכטער אַברהם רייזען!

ראָזענפעלד פאַרקנייטשט דעם שטערן, ווי ער וואָלט זיך אָנגעשטרענגט עפּעס צו דערמאָנען, און חזרט־איבער:

— רייזען? רייזען?? אַברהם רייזען???... קיין מאָל ניט געהערט!

פאַרשטייט זיך, אַז מיט אַזעלכע פאָסטעמקעס און תנועות האָט ער זיך ניט געקאָנט אַריינוואַרעמען אין די הערצער פון זיינע קאָלעגן און אַוודאי זיך ניט געקענט קויפן קיין חשיבות, דרך־ארץ ביי דער פּלעיאַדע יונגע שרייבערס, וואָס איז דאָ אויפגעקומען ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן. זיי, די יונגע שרייבערס, האָבן זיך געניייטיקט אין אַ רבין — אַ מין י. ל. פּרץ, אָבער ראָזענפעלד האָט דאָס ניט געקענט ווערן. ער האָט פאַרמאָגט איין און איינציקן מענטשן, וואָס האָט געקאָנט זוכה זיין צו זיין זיין חסיד, און דאָס איז געווען — מאָריס ראָזענפעלד...

ראָזענפעלד איז געווען ווולקאַן און וואַסערקוואַל צו גלייכער צייט. ווי אַ ווולקאַן האָט ער געשפּאָרט מיט גאָלד און זאַמד — אין אַ סך לידער זיינע — די ניט־קאָנטראָלירטע, אין זיינע עכט־לירישע לידער — איז ער געווען דער לויטערער, קילער, דערפרישנדיקער וואַסערקוואַל. אים האָט געפעלט דאָס אויג צו דערזען די קערנער גאָלד אין זיין ווולקאַנישן ליד און זיי אַוועקשאַרן פון דעם זאַמד און אַש. דערפאַר האָבן זיינע געראָטענע לירישע לידער געפינקלט ווי לויטערער ווייַן קעגן דער זון. אַלץ, וואָס אונטער גאָטס הימל, איז ביי ראָזענפעלדן געווען — טעמע און ליד. ער איז זיך פאָר אונדז מתוודה אין איינער פון זיינע לידער — „ווי איך זינג" — אויף זיינע „זינגר" פון זיין סתירה־דיק שאַפן:

„אַזוי זינג איך מיין ערלעך ליד
אַוו עס וועלקט און ווו עס בליט.
האָב קיין באַשטימטע ריכטונג ניט.
איך זינג — דאָס זינגען איז מיין ציל.
אין יעדער ליד איז אַ געפיל.
איך קלער ניט וואָס, איך קלער ניט ווען,
אַט פלוצעם גיט אין האַרץ אַ ברען,
עס גיט אַ קלעם, עס גיט אַ שפּאַר,
אַ מאָל די פרייד, אַ מאָל דער צער, —
דאָס קומט פון ברוסט און ניט פון קאָפּ,
און די נשמה נאַרט ניט אָפּ..."

אָט פאַר אָט דער מידה זיינער האָט ער געמוזט צאָלן און צאָלן אַ סך און טייער. די גרינע אימיגראַנטן פון יענער צייט — באַשפּרענקלטע מיטן הייליקן „וואַסער" פון ראַדיקאַליזם — האָבן ניט געקענט מוחל זיין ראָזענפעלדן זיין ניט־קאָנסעקווענטקייט.

איין מאָל, אין אַ שיינעם פרימאָרגן, הייב איך זיך אויף און גיי־אַריבער צו ראָזענפעלדן און טרעף פונקט צו פרישטיק. די ראָזענפעלדס נעמען מיך אויף ווי אַ בן־בית, אַן אייגענעם. איך זע:ביים טיש פעלט מיר איינער — ראָזענפעלדס טאַטע — אַ ייִד וואָס האָט זיך פאַרגונען אַריינצולעבן ביז הונדערט און זעקס יאָר (106). אָט דער ייִד פעלט ביים טיש.

— ווו איז דער טאַטע, מיסטער ראָזענפעלד? — פרעג איך, און קריג דעם ענטפער:

— אָ, יאָ... איך האָב מיין טאַטן אַריינגעגעבן אין אַ יאַהודימשן מושב־זקנים. קיין אייגענעם, דאָס הייסט, אַן אונדזעריקן, האָבן מיר דאָך ניט, האָב איך געמוזט אָנקומען צו זיי... איז ביי זיי איינגעפירט, צוליב היגיענישע טעמים אַוודאי, אָפּצושערן די באָרד ביי די זקנים, וואָס קומען־אַריין אין זייער אַנשטאַלט... האָט איר באַדאַרפט זען, ווי בעת מען האָט אים אַראָפּגענומען די באָרד... מיט יעדן אָפּגעשוירענעם לאָק איז געפאַלן אַ טרער...

מיר האָט אַ צופּ געטאָן ביים האַרצן און איך האָב זיך אָנגערופן:

— גאָט איז מיט אייך, מיסטער ראָזענפעלד! איר ווייסט כאָטש, אַז דער טאַטע אייערער האָט געטראָגן זיין באָרד אויפן האַרצן מער ווי אַכציק יאָר?! זי איז דאָך ביי אים געווען ווי זיין רעכטע האַנט צום לייב!

ראָזענפעלד האָט מיך אויסגעהערט, אויפגעשנורעוועט זיינע ליפּן, ענלעך צו אַ פויגלשן שנאָבל, און אַ זאָג געטאָן:

— אַ וואַזשנע טעמע פאַר אַ ליד!

אויפן צווייטן טאָג האָט ער זיך מודה געווען:

— איר ווייסט, אייער באַמערקונג וועגן מיין טאַטנס באָרד האָט זיך מיר געלייגט שווער אויפן האַרצן... ס'פאַרדריסט...

אַלץ איז ביי ראָזענפעלדן געווען: טעמע, ליד. און דער איינציקער באַרעכטיקטער אויף גאָטס וועלט — דער פּאָעט! און דער פּאָעט — מאָריס ראָזענפעלד!

ב. ווָלאַדעק

# מאָריס ראָזענפעלדס דויערנדיקער איינדרוק*

מאָריס ראָזענפעלד האָט ניט באַשאַפן קיין נייע שול אין דער ייִדישער פּאָעזיע, האָט ניט אָנגעצייכנט קיין נייעם וועג. און דאָך האָט ער איבערגע־לאָזן אַזאַ טיפן דויערנדיקן איינדרוק אויף אונדזער דיכטונג, אַז כּל־זמן ייִדיש וועט זיין די שפּראַך פון די ייִדישע מאַסן וועט ער ווערן באַטראַכט ווי איינער פון די גרעסטע פּאָעטן, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט.

ער האָט אָנגעפאַנגען און געענדיקט זיין געזאַנג אין אַ צייט און אונטער אומשטענדן, וואָס זיינען ניט גינציק פאַר אַ זינגער. די ערשטע פּאָר צענדליק יאָר פון דער ייִדישער אימיגראַציע זיינען געווען יאָרן פון שווערער, האָ־פענונגלאָזער אַרבעט, ביטערע יאָרן פון צופּאַסן זיך צו אַ ניי לעבן און אַ ניי לאַנד. דער ווערקשטאַט פון דעם אימיגראַנט איז געווען דער סוועטשאַפּ, זיין קלוב — דער סאַלון [1], זיין היים — דער טענעמענט [2]. דאָס לעבן איז געווען מאָנאָטאָן און ברוטאַל, און אַלע פאַרזוכן צו שאַפן אַ קולטורעלע אַט־מאָספערע זיינען געווען קליין און נישט פּרוכטיק. ווען דאָס אימיגראַנטן־לעבן האָט זיך אַנטוויקלט, ווען די גרונטשטיינער זיינען געלייגט געוואָרן פאַר אַ בעסערן און רייכערן לעבן, און עס האָט זיך שוין אויסגעבילדעט אַן אינטע־ליגענץ און אַ לייען־פּובליקום, איז ראָזענפעלדס ווולקאַן שוין געווען כמעט אויסגעלאָשן, און נאָר רויך און אַש האָבן זיך געצויגן, וווּ פריִער האָט געשאָסן צום הימל אַ פלאַם פייער.

מען טאָר דעריבער ניט פאַרגעסן, רײדנדיק וועגן ראָזענפעלדן, דעם הינ־טערגרונט אויף וועלכן זיין פּאָעטישע קראַפט האָט געווירקט, די אוידיענץ פון וועלכער ער איז געווען דער טרובאַדור!

און אפשר איז טאַקע זיין אומגליקלעכע סביבה געווען די אורזאַך פון זיין קראַפט. אפשר טאַקע זיינען די באַליידיקונגען און קאַמפן פון זיין סוועטשאַפּ געווען דאָס אויל, וואָס האָט געמאַכט אַזוי ברענענדיק און פערזענלעך ליידנ־שאַפטלעך זיין שטים און זיין סטיל, ווייל ראָזענפעלד איז פריִער פון אַלץ ניט קיין פאַרטראַכטער דיכטער, ניט קיין שטילער פאַרטיפטער באַאָבאַכטער, ניט קיין פילאָסאָפיש גלייכגילטיקער קינסטלער, וואָס לייגט־אַריין אין געטאָקטע גראַמען זיין פאַראַכטונג אָדער מיטגעפיל מיט דער וועלט. ראָזענפעלד איז

---

* פון עסיי צו מאָריס ראָזענפעלדס טויט, געדרוקט אין „די צוקונפט“ פון יולי 1923. — [1] אַ שענק, אַ טרינקהויז. — [2] געדונגענע וווינונג (אין אַ הויז פון אַ סך שכנים).

הויפּטזאַכלעך אַ טריבון, אַ רעדנער, איינער וואָס רעאַגירט באַלדיק אויף דעם לעבן אַרום אים, ניט אַנאַליזירנדיק עס און ניט פּרווונדיק עס צו פאַרשטיין אָדער צו באַרעכטיקן. ער האָט ניט קיין ניואַנסן, קיין שאַטירונגען. ער האָט ניט קיין פּינטעלעך, קיין נאָכדענקען. און אונטער די אומשטענדן, אונטער וועלכע ער האָט געשריבן, וואָלט געווען אוממאַטירלעך צו דערוואַרטן פון אים אַ פאַרענדיקטן סטיל, אַ ליבע צו דער פאָרעם פון קונסט. מיט דעם אויסנאַם פון גאָר עטלעכע ריין לירישע לידער האָט ער ניט קיין שאָטן, קיין נאָכקלאַנג.

און דאָך, נאָך דעם אַלעמען, איז ער אין תוך געווען אַן אמתער דיכטער פון העכסטן ראַנג. ער איז עס געווען, ווייל ער האָט געהאַט אַ געוואַלדיקן טעמפּעראַמענט און פיינע פאָרשטעלונגס־קראַפט, די צוויי וויכטיקסטע זיילן אין דעם טעמפּל פון יעדער פּאָעזיע. פאַר אים און נאָך אים איז נאָך ניט געווען קיין יידישער שרייבער, וואָס זאָל באַזיצן אַזוי פיל זודיקעליידנשאַפט, אַזאַ פולבלוטיקייט, ווי ראָזענפעלד. די ווערטער און די גראַמען אין זיינע ערשטע און בעסטע לידער קייקלען זיך ווי הייסע שטיינער אַראָפּ באַרג. זיי מעגן זיין ניט אַלע קיילעכדיק און ניט אַלע שיין, אָבער זיי זיינען הייס, זיי ברענען און זיי אַנטהאַלטן אין זיך אַן אויפריכטיקייט, וואָס מען קען ניט פאַרמיידן אָדער פאַרגעסן.

... וואָס ער זאָל ניט האָבן געשריבן, וואָס פאַר אַ פערז און וואָס פאַר אַ מאָס ער זאָל ניט האָבן געברויכט, האָט ער שטענדיק אַלץ דערזאָגט און געמאַכט אַזוי קלאָר, אַז ס'האָט ניט געקענט זיין קיין שום צווייפל וועגן דעם, וואָס ער האָט געמיינט. אייניקע פון זיינע לירישע לידער זיינען טאַקע וווּנדער־לעך דערמיט, וואָס זייענדיק אמת טיף, זיינען זיי אין דער זעלביקער צייט אויך אַזוי קלאָר איינפאַך.

אָבער זיין איינפאַכקייט און קלאָרקייט זיינען ניט די איינפאַכקייט און קלאָרקייט פון די געשווירענע אַרבעטער־דיכטערס. כאָטש די טעמעס פון די מערסטע פון זיינע לידער זיינען גאַנץ אַלטעגלעך — דער אַרבעטער, דער שאַפּ, יידישע צרות — דאָך איז זייער אַפילו ניט קיין סאָציאַלער, נאָר אַ פּערזענלע־כער. ווען איר לייענט ראָזענפעלדס אַרבעטער־ אָדער סאָציאַלע לידער, האָט איר ניט קיין געפיל פון רחמנות, נאָר אַ געפיל פון אויפרעגונג.

... ראָזענפעלדן איז זיך אוממעגלעך פאָרצושטעלן מיט אַ פעדער אָדער אַ האַרפע. ער דערשיינט שטענדיק מיט אַ קלאַרנעט און — אַ בייטש!

נאָר זעלטן־זעלטן האָט ער זיך דערלויבט דאָס פאַרגעניגן צו פאַרטראַכטן זיך, צו געברויכן די פאַרחלומטע סטרונעס פון דער האַרפע. אין די דאָזיקע זעלטענע מינוטן האָט ער אונדז געזונגען אייניקע פון די פיינסטע לירישע לידער אין דער יידישער פּאָעזיע.

## יעקב גלאַטשטיין

# מאָריס ראָזענפעלדס געשטאַלט *

ווען אַלעקסאַנדער האַרקאַווי האָט אין 1903 געשריבן זיין „פאָרוואָרט" צו מאָריס ראָזענפעלדס „געזאַמלטע לידער", איז שוין דער פאָעט געווען וועלט־באַרימט. אַלע זייגען באַקאַנט מיט דעם דאָזיקן גליק, וואָס עס האָט ראָזענפעלדן דעמאָלט געטראָפן. דער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער האָט אין 1898 איבערגעזעצט ראָזענפעלדס לידער אויף ענגליש, און כאָטש ס'איז געווען אַ פּראָזע־איבערזעצונג פון אַ צאָל ראָזענפעלדס לידער, איז זיין נאָמען אַוועק איבער די מדינות און ראָזענפעלד איז געוואָרן אַ נאָמען אין דער וועלט־ליטעראַטור. אָבער ווען דער פאַרלעגער א. מ. יעוואַלענקאָ האָט מיט אַ זעקס יאָר שפּעטער אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן ראָזענפעלדס „געזאַמלטע לידער" און ער האָט פאַר דעם ערשטן באַנד גלייך באַצאָלט דעם פאָעט עטלעכע הונדערט דאָלער, האָט דער דיכטער רחמנות געהאַט אויף דעם פאַרלעגער. „דאָס האַרץ האָט מיר ווי געטאָן אויף דעם אומפּראַקטישן מענטשן, וואָס לייגט־אַריין לעבעדיקע הונדערטער אין אַ טויטער סחורה... איך האָב אַ לאַנגע צייט געהאַט געוויסן־ביסן, אַז צוליב עטלעכע דאָלער און צוליב ליטעראַרישער אַמביציע האָב איך אָפּגענאַרט אַ ייִדן". אַזוי האָט געשריבן דער פאָעט אין אַ הקדמה צו די געזאַמלטע ווערק זייגע, וואָס זייגען מיט עטלעכע יאָר שפּעטער שוין געווען גוטע סחורה, אַפילו פאַר אַ „פאָרווערטס"־אויסגאַבע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער עולם האָט יאָ געקויפט די לידער און געצאָלט אַ גאַנצן דאָלער פאַר אַ בוך. קיין עושר איז ראָזענפעלד, חלילה, דערפון נישט געוואָרן, ווי ער איז נישט נתעשר געוואָרן פון זיין אינטערנאַציאָנאַלער רעפּוטאַציע. ווען זיינע „סאָנגס פראָם דהי געטאָ" האָבן באַרימט געמאַכט דעם ערשטן פאָעט פון דער „ייִדיש־דייטשער דיכטערישער ליטעראַטור", ווי ד"ר האַרקאַווי, דער צוזאַמענשטעלער פון ייִדישע ווערטערביכער, האָט זיך דעמאָלט גאַנץ אומשולדיק אויסגעדריקט וועגן ייִדישן לשון, האָט מאָריס ראָזענפעלד אַלץ באַוויזן צו בלייבן אַ קבצן אין זיבן פאָלעס און אַפילו אָנצוהאַלטן זיין סקעפּטיק בנוגע זיין אייגענער באַרימטקייט. אַלץ וואָס זיין באַרימטקייט האָט אים געגעבן, איז אַ פּאַספּאָרט צו דער ייִדישער

* די צוקונפט, נ"י, אַפּריל 1962.

צייטונג, ווו מען האָט געקויפט זיין פען. ראָזענפעלד האָט זיך ביטער געראַנגלט מיט זשורנאַליזם. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז אַפילו דער ערלעכסטער זשורנאַליסט פאַרקויפט זיין פען, ווייל ער פאַרקויפט זיין שרייבצייט. ראָזענפעלד איז געווען דורכויס פּאָעט וואָס האָט אין זיינע בעסטע לידער געוואַרט אויף אינספּיראַציע, אויף זיינע אייגענע באַדינגונגען — אויף זיין צייט, לויט זיינע שטימונגען.

מיר גייט דער עיקר אין פּרוּוון אַרויסראַטעווען מאָריס ראָזענפעלדן פון די לעצטע קרענקלעכע און פאַרקרענקטע איינדרוקן, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט. מ׳זאָגט געוויינלעך, אַז דער ערשטער איינדרוק איז דער בעסטער, אין מאָריס ראָזענפעלדס פאַל איז דער לעצטער איינדרוק געווען דער סאַמע ערגסטער איינדרוק, פון דער ערשטער גרויסער קינסטלערישער פּערזענלעכקייט, וואָס האָט זיך באַוויזן אין דער יידישער אַמעריקע.

ווען דער לייב איז געקומען אויף דער עלטער און ער איז געוואָרן אַ צעבראָכענער שאַרבן, גייסטיק און פיזיש, האָבן מיר גיך געגומען פאַרגעסן ווער ער איז אויף אַן אמת געווען און וואָס ער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט.

... מאָריס ראָזענפעלד איז געווען אַ גרויסער הומאַניסט, נישט פון אַ קאַלטן איזם, נאָר אַן ערלעכער אויפריכטיקער בעל־רחמים, וואָס האָט רחמנות געהאַט אויפן מין מענטש. ער וואָלט קיין מאָל נישט געקאָנט אויסזינגען זיינע קרעפטיקע פּראָלעטאַרישע לידער, ווען אים וואָלט נישט געטריבן אין קאַמף דער ריטעם פון זיין מיטפילנדיקן בלוט. זיינע אַרבעטער־לידער זיינען נישט געווען קיין טויטע מאַטעמאַטישע ווערטער, נאָר דער דראַנג צו גיין מיט די לידער באַוואָפנט אין קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט.

... ראָזענפעלד איז דעמאָלט אַלט געווען 42 יאָר, ס׳איז געווען אַ זעקס יאָר נאָך דעם ווי די וועלט האָט אים אַנטדעקט, אָבער ער האָט זיך נישט געבלאָזן קעגן זיינע שטום־געבליבענע שפּאָטערס. ווען זיי האָבן געבעטן פאַרגעבונג, שווערט ער זיך ביי גאָט דעם פאָטער, אַז ער האָט נישט געטראָגן קיין כעס אויף קיינעם — ווייל מענטשן־ליבע איז געווען זיין העכסטע שטרעבונג.

און ס׳איז ערלעך און אמת. ווען מען בלעטערט דורך ראָזענפעלדס לידער, זעט מען פאַר זיך אַ וואַרעמען מענטשן, וואָס נעמט זיך צום געווער פון סאַטירע, טאַקע אין די אינטערעסן פון גערעכטיקייט און מענטשן־ליבע.

... דער גאַנצער ראָזענפעלד געשטאַלטיקט זיך אין זיינע לידער, און זיין ביטערע סאַטירע איז אויך אויפן אָרט, ווייל מיר האָבן פאַר זיך אַ פיינע נשמה, וואָס איז געווען וואַך און אַנטקעגנגעפלאַקערט אַלע פיר זייטן פון דער וועלט. זיינע לידער זיינען אַ זאַמלונג פון אַ גרויסן לעבן; אַ גרויסער ייִד וואָס האָט טיף דורכגעלעבט אַלע געוויטערס פון זיין צייט און זיי אין די בעסערע

לידער זיינע געפּאַנגען בילדלעך און מוזיקאַליש. זיין האַרץ איז תמיד געווען אויפן ריכטיקן אָרט. ער איז געווען דער גרויסער ליבעראַל פון זיין צייט. מיר קאָנען ביים היינטיקן טאָג נישט אויסמעקן קיין איין מיינונג זיינע, ווייל ער איז געשטאַנען מיטן פּנים צו די שענסטע קאַמפן פון זיין פאָלק און פון זיין קלאַס. ער האָט אין זיינע שאַפונגען אַ סך אַריינגעלייגט, זיי זיינען געווען זיין איך. זיי זיינען נישט געווען גלאַט קיין צירלעכע רייד.

...זיינע אַרבעטער־לידער זיינען נישט געווען באַשטעלט פון קיינעם, נאָר פון זיך אַליין. ער איז געווען אַ טייל פון דעם גרויסן ים פון יסורים. אין אַ מאָטאָ צו זיין ליד „איינשווערונג״ — צייכנט ער אָן פאַרן דיכטער אַ פּראָגראַם, „וואָס צו זינגען און צו זאָגן, דאָ אין אונדזער גרויסן ים פון יסורים און פון קלאָגן״. איינשווערונג איז אַ מין ריכטשנורליד — דער פּאָעט שווערט זיך איין צו זיין מיט דעם אָרעמען און שלאָפן, צו קעמפן קעגן רעאַקציע, אויסצושרייען פאַר שלום, אַרויסצוטרעטן קעגן ייִדן־העצערייען. און אַז מען לייענט זיינע לידער פון יענער עפּאָכע, זעט מען ווי געטריי דער פּאָעט איז געווען צו דער איינשווערונג. דער פּולסירנדיקער ריטעם איז אומעטום, אַפילו אין די שוואַכערע לידער, אַן עדות, אַז ער איז געשטאַנען אין קאַמף. ער האָט געזען דעם קאַמף פון אַרבעטער פון אינעווייניק און פון אויסנווייניק: די שטוב, דאָס ייִנגעלע, דעם סוועטשאַפּ, דעם שטרייק, דער שטרייקברעכער, דעם בלייכן אָפּרייטער, די טרער אויפן אייזן, אַפילו די געליבטע וואָס ער טרייבט פון שאַפּ, ווייל — „דאָ הערשט דער האַרטער קאַמף פאַר ברויט, דאָ מוז מען צאַפּלען ביים געניי״.

ער האָט פאַרצייכנט מיט זיין ליד אַלע שפּירונגען, מיט אַ זעלטענער וואַרעמקייט, און ער האָט פאַרמאָגט אַ קינסטלערישע פּשטותדיקע דירעקטקייט. ער פירט זיין קינד מער נישט אַרויס אין גאַס, ווייל ער וויל עס נישט מצער זיין; עס בעט אַ פּרוכט, אָבער „ניט פאַר אונדז איז די פּרוכט פון דער וועלט״. עס בעט אַ צאַצקע, „אָבער די וועלט האָט ניט קיין צאַצקעס פאַרן אַרבעטער־קינד״. ער פאַרשווערט זיך מער זיין קינד ניט נעמען אין גאַס, ווייל ער האָט מער נישט קיין כוח, „מיט אַ קול האַלב דערשטיקט פון געוויין, אים צו זאָגן „שאַ״ און ענטפערן „ניין״.

די ביאָגראַפיע פון אַן אַרבעטער שפּאַנט־דורך כמעט מיט אַ שטילער רעזיגנאַציע, אָבער די רעזיגנאַציע איז אַן אָנגעלאָדענע, אַ רעזיגנאַציע וואָס איז גרייט צו עקספּלאָדירן. ס'איז אַ צוגאַנג אַזאַ צו ווייזן דעם אַרבעטער אין זיין פולער דחקות און צעשטויבטקייט, צו זאַמלען כוחות כדי צו קאָנען אויסברילן — „וואָס רוקט איר אַלץ דאָס פלייש אין זיך און שמייסט צו מיר די ביינער״. דער אַרבעטער לייב ברילט־אויס — „עס קומט דער טאָג, איך ברעך די שטייג און איר בלייבט ליגן טויטע״.

... ווען מ. ל. האַלפּערן איז שיר נישט געקרוינט געוואָרן פאַר דעם אַריינפירער פון גראָבע רייד אין ליד, האָט ער געהאַט זיין פאָרגייער — מאָריס ראָזענפעלדן, וועמענס גראָבע רייד זיינען געווען אַ סך קליגער, אויסדרוקספולער און מער אין פולן קאָנטראָל פון פּאָעט־סאַטיריקער. מען מעג זיך אויף ס׳ניי פאַרגינען איבערצולייענען ראָזענפעלדס סאַטירעס. קודם־כל זיינען זיי דער קלאָרסטער שפּיגל פון דער צייט און זיינע סאַטירישע פיילן זייגען נאָך היינט גילטיק און פול מיט חכמה. ראָזענפעלד האָט נישט אָנערקענט, אַז ס׳זיינען פאַראַן ווערעמדיקע אַרבעס צווישן ווערטער. ער האָט נישט אָנגעטאָן קיין זיידענע הענטשקעס און געכאַפּט בלויז בלויע זעפירן־קלאַנגען.

טעמאַטיש זיינען זייגע סאַטירישע לידער די קאַמף־לידער פון אַ באַוווסטזיניקן ראַדיקאַלן ייִדן, וואָס האָט געקעמפט קעגן שקר, רעאַקציע און עקספּלאָטאַציע און ער האָט נישט קיין מורא געהאַט אַ שטאַרקן טשעפּע צו טאָן די אומבאַרירלעכע און מעכטיקע פון זיין צייט. זיינע סאַטירישע לידער שפּיגלען בעסער אָפּ דאָס לעבן פון אַ קעמפנדיקן ייִד פון זיין דור ווי טויזנטער צייטונג־אַרטיקלען. נישט אומזיסט איז אים נישט געווען צום האַרצן דאָס באַשטעלטע זשורנאַליסטישע אַרטיקל, ווייל ער האָט געוווּסט, ווי ער קאָן אויפהייבן עטלעכע מעכטיקע שורות און זיי אַ שליידער טאָן מיט גרויס גבורה און טרעפן אין ציל.

... די גרעסטע פּאָעטן פון אַלע צייטן, ווען זיי האָבן איינגעטונקען די פּען אין סאַטירע, האָבן נישט געשריבן שאַרפער, צילעוודיקער און זינגענדיקער.

... מ׳קאָן אָפּקלייבן אַ באַזונדערן באַנד פון מאָריס ראָזענפעלדס סאַטירישע לידער און האָבן פאַר זיך אַן אוצר פון וווּנדערלעכן ייִדיש, פּאָעטישער חכמה, אַ טויער צום אמתן געדאַנק פון גרויסן ייִדישן פּאָעט, ווען ער איז נאָך געווען דער הערשער איבער זיך, זיין ליד און געמיט, ווען ער איז פון די געפּעכטן מיט זיך אַליין אַרויסגעקומען דער זיגער. אָט ווי ער האָט געקעמפט קעגן עם הארצות און קעגן שונד.

ר׳ יאָקל האָט אַ ביבליאָטעק
מיט ביכער, ביכער גאַנצע פּעק;
ער האָט דעם בוך „דער שיינער שאַץ״
דער „רויטער האָן״, „די בורע קאַץ״
„דער געלער פּרינץ״, „דער גרינער שאַך״

„דער ווייסער זיפּץ״, „דער העלער לאַך״
און צימבעל באָמס גערדיכטע,
ער האָט ראָמאַנען אַלערליי.
„די בלאָנדע מינקע פון לאַזדיי״

„דער הייסער פראָסט״, „דער פלאַכער תהום״
„די קאַלב פון שכם״, „דער רב פון סדום״
ער האָט אַלצדינג און האָט אַ סך
ער האָט נאָר ליידער קיין תנ״ך,
קיין יודישע געשיכטע.

... ראָזענפעלד האָט אַ ליד ווי ער פאַנטאַזירט זיך אויס דעם וועלט־אונטערגאַנג. דאָס ליד איז געשריבן מיט תנכישן אָטעם און פרייען פערז. ער, דער לעצטער מענטש האָט נקמה אין דער זון, וואָס וועט מיט וועלט־אונטערגאַנג אויף אייביק פאַרפינצטערט און פאַרלאָשן ווערן. ווייל זי האָט אַפילו אויף קיין איינציקן טאָג נישט געוואָלט אויפהערן שיינען, צו באַשטראָפן פאַר שוואַרצע יאָמערנדיקע עוולות. דער פּאָעט רופט־אויס צו דער זון:

דו האָסט עס ניט געטאָן!
אָ, דו גאָלדענער לץ, וואָס האָט געלאַכט
צו אַלערליי געמיינהייט און פאַרברעכן!
דו האָסט געקושט די האַק פון שאַרף־ריכטער
געשפילט זיך אויף די שטריק פון תליון;
אויף די פינצטערע פליגל פון דער קראָ
וואָס האָט פאַרצערט די טויטע יוגנט
פון די שלאַכטפעלדער.
דו האָסט געשיינט אויף שפּאַניע,
אין מאַראָקאָ און רומעניע,
אויף קישענעוו און פעטערבורג און וואַטיקאַן,
אויף שייטערהויפנס און אויף צלמים.
אַצינד פאַרגיי.
פאַרצאַפּל אין דיין אייגענעם פייער.
דיין אויסגעלאָשנקייט איז דיין קבר,
דיין אייגענער שאָטן באַגלייט דיך אין דער נאַכט,
ווו ס׳וואַרט אויף דיר די אימהדיקע פוסטקייט.
פון אַלטע לאַנג פאַרשוווּנדענע וועלטן.
אויך איך פאַרגיי, און וויל מיין אונטערגאַנג!
ווען כ׳זע, אַ זון, דיין ברענענדיקע גסיסה,
דיין לעצטן, רעכט־פאַרדינטן מאַרטער
און קען נאָך מיט אַ שמייכל זאָגן:
ברוך דיין אמת!

וואָס פּאַר אַ קרעפּטיקע שורות און ווי פריש פּחדימדיק דאָס ליד לייענט זיך אין אונדזער אַטאָמישער שרעק־עפּאָכע! דער ייִנגסטער יעווטושענקאָ וואָלט נישט געקאָנט אָנשרייבן קיין בעסער היינטצייטיק ליד; און ווי קלאָר דער ייִדיש און ווי תנכיש עס שאַלט די מוזיק פון גרויסן זאָגער.

און אָט האָב איך געמאַכט אַ קליינעם פּרווו אויפצודעקן די שפּורן צו דער אייביקער גרויסקייט פון מאָריס ראָזענפעלד, אַ גרויסקייט וואָס מען טאָר נישט לאָזן פאַרשאָטנט ווערן. ער איז געווען אַ קרעפּטיקע און טיפע פּאָעטישע פּערזענלעכקייט, אַ גרויסער ייִד־פּאָעט, ווייל אַלץ וואָס ער האָט געזונגען, האָט געהאַט אויף זיך דאָס ליכט פון די נביאים, זייער פלאַמענדיקן דראַנג נאָך שיינקייט, צדק און יושר. ער איז געווען אַ פּאָעט פון הויכער קולטור. ער האָט געזונגען פון עמיל זאָלאַ „זשאַק־יוז״, פון לינקאָלן, פון קריסטוסן, פון וויטמאַנען, פון הערצלען. ער האָט פיינט געהאַט פּשרה־מאַכערס, ער האָט געשריבן: „די גאולה וועט קומען דורך די מאַרטירערס און ניט דורך די פּשרה־מאַכערס״.

מען דאַרף, מען מוז ראָזענפעלדן אויסלייזן פון פאַלשע ביאָגראַפן. אין די פינצטערע טעג זיינע, אין די טעג פון ירידה, האָט אים געפעלט אַ פריינד, אַ נאָענטער חבר, וואָס זאָל אים וואַרעם אַ דריק טאָן די האַנט און אין אים אַריינבלאָזן נייעם שעפערישן מוט... מיר אַלע האָבן געזינדיקט קעגן אים און אים נישט געזוכט דאָרט, ווו ער איז געווען מיט זיין גאַנצער נשמה. מיט 58 יאָר צוריק האָט ראָזענפעלד געשריבן אין אַ הקדמה צו זיין ערשטן באַנד געזאַמלטע לידער שורות, וואָס וועלן פאַראַמתט ווערן, אויב מיר וועלן דעם פּאָעט אַוועקשטעלן מאָנומענטאַל, דאָרט ווו אים קומט, ווי דעם ערשטן גרויסן פּאָעט אויף אַמעריקאַנער ערד —

אַ דאַנק דיר, גאָט, איך האָב דעם קאַמף געוווּנען
איך הער פאַר מיר מיליאָנען הערצער שלאָגן.
איך האָב מיט שמאַרץ געזוכט, מיט פרייד געפונען
דאָס ריינע ליכט, וואָס וועט מיין נאַכט באַטאָגן!

דאָס ריינע ליכט פון מאָריס ראָזענפעלד ליד דאַרף באַטאָגן די נאַכט פון זיין צו לאַנגער שקיעה אויפן הימל פון דער ייִדישער וועלט־פּאָעזיע.

יעפים ישורין

# מאָריס ראָזענפעלד-ביבליאָגראַפיע

## וועגן מאָריס ראָזענפעלד אין יידישע ביכער

**אײגנאַטאָוו, דוד**

1 אַ קאַפּיטל „יונגע", אַפגעריסענע בלעטער", ב״א 1957, ז' 86

**אַלגין, מ.**

2 אין דער וועלט פון געזאַנגען, נ״י 1919, זז' 18, 19, 21, 24, 29—129—142.

3 מאָריס ראָזענפעלד, קולטור און פאָלק, נ״י 1949, זז' 191—201.

**אַלמי, א.**

4 ליטעראַרישע נסיעות, וואַרשע 1931, ז' 15, 16, 121, 182.

5 מאָריס ראָזענפעלד, מענטשן און אידייען, וואַרשע 1933, זז' 160—173.

6 און זיי האָבן זיך באַגעגנט...„ דער לעבעדיקער, נ״י 1938, ז' 105.

7 מאָמענטן פון אַ לעבן, ב״א 1948, זז' 102, 103, 146, 214—223.

8 „ווי ס'ווערן לידער פאַרפאַסט...", חשבון און סך־הכל, ב״א 1958, ז' 288, 289.

**אַשעראָוויטש, מ.**

9 דוד קעסלער און מוני וויזענפריינד, נ״י 1930, ז' 87.

10 אַרכיוו פאַר דער געש' פון יוד' טעאַטער און דראַמע, ווילנע־נ״י 1930, ז' 318.

**באַטאָשאַנסקי, יעקבֿ**

11 אַ קליין ביסעלע ביאָגראַפיע, מ. ל. האַלפּערן, ב״א 1932, ז' 14.

12 די לעבנסגעשיכטע פון אַ יוד' זשורנאַליסט, ב״א 1942, ב' 2, ז' 89, 352. — ב' 3, ז' 220.

13 מאַמע יודיש, ב״א 1949, ז' 195, 210, 260.

14 פּשט, ב״א 1952, ז' 102.

**באַראָן, א. ל.**

15 די יוד' בראָדווייער לידער, נ״י 1949, ז' 19, 20, 21, 22, 23, 30.

**בורגין, הערץ**

16 די געש' פון דער יוד' אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, רוסלאַנד און ענגלאַנד, נ״י 1915, ז' 102, 126.

**ביאַלאָסטאָצקי, ב. י.**

17 עסייען, באַנד 2, נ״י 1932, זז' 85—96, 107, 108, 109, 112, 121, 136, 154, 157, 166, 169, 170, 212, 236, 249, 257.

18 מאָריס ראָזענפעלד 1882—1923, נ״י 1941, ז׳ 48.

19 דוד עדעלשטאַט־געדענקבוך, נ״י 1953, זז׳ 12—14, 24, 64, 489—501.

20 חלום און וואָר, עסייען, נ״י 1956, זז׳ 27, 38, 40, 43, 45, 50, 65, 75, 100, 103, 109, 122, 128, 143, 155, 189, 257, 266, 292, 384, 393, 394, 400, 415, 433, 437, 441, 443, 444, 445, 447—458, 459, 460, 461, 463, 466, 470, 476, 480, 481, 482, 483, 484.

**ביאַלין, א. ה.**

21 סאָציאַליזם און רוזוועלטיזם, נ״י 1956, ז׳ 20.

**ביק, אַברהם**

22 וואָרט און צייט, ב״א 1951, ז׳ 50.

23 וועקער און קעמפער, נ״י 1955, ז׳ 210.

**ביקל, שלמה**

24 אינזיך און אַרומזיך, בוקאַרעשט 1936, ז׳ 98.

**בעל מחשבות**

25 בעל מחשבות־שריפטן, ב׳ III, ווילנע 1923, ז׳ 42, 47, 121, 122, 123, 126. — וואַרשע 1929, ב׳ IV, ז׳ 22, 23, 36, 43, 86.

26 געקליבענע ווערק, נ״י 1953, ז׳ 55, 68, 74, 102, 105.

**בראַנשטיין, יחזקאל**

27 אימפּרעסיעס פון אַ לייענער, שיקאַגאָ 1941, זז׳ 22—24.

28 יאָ און נישט־ניין, לאָס אַנדזשעלעס 1953, ז׳ 162.

**גאָלדבערג, אַב.**

29 געזאַמלטע שריפטן, ב׳ 1, נ״י 1913, ז׳ 193.

**גאָלדבערג, ב. צ.**

30 קעגן די אָנפאַלער אויף ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, נ״י 1944, ז׳ 65, 86.

**גאָלדבערג, נ.**

31 די געש׳ פון דער יוד׳ אַרב׳ באַוו׳ אין די פ״ש, ב׳ 2, יקואַ, נ״י 1945, ז׳ 306, 439.

**גאָלדקאָרן, י.**

32 ליטעראַרישע סילועטן, מינכען 1949, ז׳ 25, 26.

**גאָרין, ב.**

33 די געש׳ פון יוד׳ טעאַטער, ב׳ 2, נ״י 1929, ז׳ 274.

**גלאַטשטיין, יעקב**

34 אין תוך גענומען, נ״י 1947, ז׳ 42, 110, 111, 239, 257, 394, 515.

35 אין תוך גענומען, נ״י 1956, ז׳ 40, 41, 114, 269, 293, 409.

**גלאַנץ־לעיעלעס, א.**

36 וועלט און וואָרט, נ״י 1958, ז׳ 115.

**געלבאַרט, מיכל**

37 דוד עדעלשטאַט־געדענקבוך, נ״י 1953, ז׳ 425.

**גראָבאַרד, ב.**

38 אַ פערטליאָרהונדערט, נ״י 1935, ז׳ 6, 10.

**גראָנאַך, אַלעקסאַנדער**

39 אַט גייט אַ מענטש, נ״י 1948, ז׳ 180.

**גראַפּשטיין, מלך**

40 שלמה גילבערט, לאָנדאָן־קאַנאַ־
דע 1954, ז' 313.

**גרינבערג, אליעזר**

41 משה לייב האַלפּערן אין ראַם פון
זיין לעבן, נ"י 1942, ז' 17, 18, 19,
21, 32.

**האָפּשטיין, ד. — שאַמעס, פּ.**

42 ליטעראַטור־קענטעניש, 2טער
טייל, מאָסקווע 1928, ז' 39.

43 טעאָריע פון ליטעראַטור, מעלו־
כע־פאַרלאַג פון אוקראַינע, כאַרקאָוו
1930, ז' 92, 106.

**האָרן, י.**

44 אין אונדזער דור, ב"א 1949,
44 אין אונדזער דור, ב"א 1949,
ז' 8, 162.

**הירשביין, פּרץ**

45 אין גאַנג פון לעבן, ב' 1, נ"י
1948, ז' 56.

**הערץ, י. ש.**

46 די יודישע סאָציאַליסטישע באַוו' אין
אַמעריקע, נ"י 1954, זז' 20, 41, 42.

**וואַסערמאַן, יעקבֿ**

47 דאָס טעאַטער און דער סאָציאַ־
ליזם, וואַרשע 1921, ז' 163.

**וויטיעס, משה**

48 עסייען וועגן ליטעראַטור, נ"י
1958, ז' 49.

**וויטקעוויץ, בערטשי**

49 יהואַש (ביבליאָגראַפיע), קליוו־
לאַנד 1944, ז' 248.

**ווינער, מ.**

50 צו דער געש' פון דער יוד' ליט'
אין 19טן י"ה, ב' 2, נ"י 1946, ז'
170, 171.

**ווערניק, פּ.**

51 געש' פון די יודן אין אַמעריקע,
נ"י 1914, ז' 435.

**ווײַנפּער, ז.**

52 יודישע שריפטשטעלער, ב' 1,
נ"י 1933, ז' 11, 12, 14, 123. — ב'
2, נ"י 1936, ז' 75, 90, 91, 92, 118.

53 משה לייב האַלפּערן, נ"י 1940,
ז' 70.

54 שרייבער און קינסטלער, נ"י
1958, זז' 31, 139, 220, 352.

**ווײַנרײַך, מאַקס**

55 בילדער פון דער יוד' ליט'־גע־
שיכטע, ווילנע 1928, ז' 277.

**ווײַנשטיין, ב. [בערנאַרד]**

56 פערציק יאָר אין דער יוד' אַרב'־
באַוועגונג, נ"י 1924, זז' 149—161.

57 יוד' יוניאָנס אין אַמעריקע, נ"י
1929, זז' 246, 449.

**וולאַדעק, ב.**

58 לעבן און שאַפן, נ"י 1936, זז'
338—347.

**זאַלף, פאַליק**

59 אונדזער קולטור־המשך, ווינניפּעג
1956, ז' 139, 195.

**זאַקס, א. ש.**

60 די געש' פון אַרב'־רינג, 2טער
טייל, נ"י 1925, ז' 851.

**זילבערצווײַג, זלמן**

61 אחד־העם און זיין באַציונג צו
יודיש, לאָס אַנדזשעלעס 1956, ז' 8.

**זעצער, ש. צ.**

62 פיגורן, נ״י 1928, זז׳ 185—211.

**זרובבל, י.**

63 בלעטער פון א לעבן, ב׳ 2, תל־אָביב 1956, ז׳ 349.

**זשיטלאָווסקי, ד״ר חיים**

64 וויזיע און געדאַנק, נ״י 1951, זז׳ 168—172.

**זשיטניצקי, ד״ר ל.**

65 אַ האַלבער י״ה יוד׳ ליטעראַטור, ב״א 1952, ז׳ 21.

**חייקין, י.**

66 יוד׳ בלעטער אין אַמעריקע, נ״י 1946, ז׳ 66, 88, 141, 208.

**טאַבאַטשניק, א.**

67 דיכטער און דיכטונג, נ״י 1949, ז׳ 10—11.

**טאָמאַשעווסקי, בעסי**

68 מיין לעבנס־געשיכטע, נ״י 1916, ז׳ 234.

**טירקעל, דוד־בער**

69 די יוגענטלעכע בינע, פילאַדעלפיע 1940, ז׳ 30, 184.

**טענענבוים, ש.**

70 שניט פון מיין פעלד, נ״י 1949, ז׳ 41, 355.

71 אין גאָטס געשטאַלט, נ״י 1951, ז׳ 220.

72 דיכטער און דורות, נ״י 1955, ז׳ 149, 214, 226.

**טרונק, י. י.**

73 פוילן, ב׳ 6, נ״י 1951, ז׳ 137.

**טשעריקאָווער, א.**

74 היסטאָרישע שריפטן, ב׳ III, ווילנע־פּאַריז 1939, ז׳ 595.

**יאַנאָווסקי, ש.**

75 ערשטע יאָרן פון יוד׳ פרייהייט־לעכן סאָציאַליזם, נ״י 1948, זז׳ 118, 119, 177.

**יאָפּע, מרדכי**

76 רינגען אין דער קייט, נ״י 1939, זז׳ 5—20, 232.

**ירדני, מ.**

77 אינטערוויוס מיט יוד׳ שרייבער, נ״י 1955, ז׳ 97.

**ישורין, יעפים**

78 יעפים ישורין־יובל־בוך, נ״י 1955, ז׳ 173.

**ליבערמאַן, חיים**

79 דיכטער און וועלט, נ״י 1923, זז׳ 92, 93, 95.

80 ליטעראַרישע סילועטן, נ״י 1927, ז׳ 93, 94, 95, 108.

81 ביכער און שרייבער, נ״י 1933, ז׳ 244.

82 ד״ר ח. זשיטלאָווסקי און ש. ניגער, נ״י 1947, ז׳ 25.

**ליטוואַקאָוו, מ.**

83 אין אומרו, ב׳ 2, מאָסקווע 1926, ז׳ 9, 161.

**ליפּשיץ, י.**

84 מאָריס ראָזענפעלדס בריוו, ייוואָ, ב״א 1955, זז׳ 7—8.

**לעווי, יוסף־הלל**

85 געזאַמלטע שריפטן, ב׳ 2, לאָנדאָן 1958, ז׳ 24, 80.

**לעשצינסקי, יעקב**

86 דאָס יוד׳ עק׳ לעבן אין דער יוד׳ ליט׳, ערשטער העפט, וואַרשע (? 1921), ז׳ 19.

**לעשצינסקי, ש.**

87 ליטעראַרישע עסייען, נ״י 1938, ז׳ 95. — באַנד 2, נ״י 1955, ז׳ 233.

**מאַרק, יודל**

88 די געשיכטע פון דער ייד׳ ליט׳, קאָנספּעקט. נ״י 1943, ז׳ 49, 50.

**מוקדוני, ד״ר א.**

89 יעקב באַטאַשאַנסקי (צו זיינע 60), ב״א 1955, ז׳ 60.

**מילך, יעקב**

90 ייד׳ פּראָבלעמען, ב׳ 1, נ״י 1920, ז׳ 142. — ב׳ 2, זז׳ 28, 34, 35, 206.

**מילך, יעקב**

91 די אַנטשטייונג פון „פאָרווערטס״, נ״י 1936, ז׳ 24, 25.

**מינקאָוו, נ. ב.**

92 ייד׳ קלאַסיקער־פּאָעטן, נ״י 1937, זז׳ 65—98.

93 דוד עדעלשטאַט־געדענקבוך, נ״י 1953, זז׳ 562, 564, 565.

94 זעקס יידישע קריטיקער, ב״א 1954, ז׳ 184, 204, 230.

95 ליטעראַרישע וועגן, מעקסיקע 1955, ז׳ 65, 192.

96 פּיאָנערן פון ייד׳ פּאָעזיע אין אַמעריקע, ב׳ 1, נ״י 1956, ז׳ 22, 23, 26, 27, 97, 131, 141, 142, 180, 195, 223, 232, 248, 255. — באַנד 2, ז׳ 206, 298, 299, 302. — באַנד 3, נ״י 1956, ז׳ 74, 141, 221.

**מייזל, נחמן**

97 נאָענטע און ווייטע, ב׳ 1, וואַרשע 1924, ז׳ 21, 47. — ב׳ 2, וואַרשע 1926, זז׳ 32—40, 147.

98 אויף אונדזער קולטורפראָנט, וואַרשע 1936, ז׳ 21.

**מייזל, נחמן**

99 דורות און תקופות אין דער ייד׳ ליט׳, נ״י 1942, ז׳ 55.

100 ראובן בריינין, פון מיין לעבנס־בוך, נ״י 1946, ז׳ 10.

101 ייד׳ טעמאַטיק, ייד׳ מעלאָדיעס ביי באַוווסטע מוזיקער, נ״י 1952, ז׳ 90.

102 נאָענטע און אייגענע, נ״י 1957, זז׳ 83, 109, 146, 156, 157, 183, 273.

**מעסטל, יעקב**

103 70 יאָר טעאַטער־רעפּערטואַר, נ״י 1954, ז׳ 19, 92.

**מ״מר, קלמן**

104 מאָריס ווינטשעווסקי געז׳ ווערק, ב׳ 1, נ״י 1927, ז׳ 152, 368, 393.

105 לידער פון אליקום צונזער, נ״י 1928, ז׳ 177.

106 דאַוויד עדעלשטאַט, ב׳ 1, מאָסקווע 1935, זז׳ 95—100.

107 וויסנשאַפט און רעוואָלוציע, קיעוו 1935, זז׳ 3—9.

108 דער אָנהייב פון דער ייד׳ ליט׳, נ״י 1944, זז׳ 35, 36, 37, 41, 47, 48, 50, 53, 54, 55, 64, 68—80, 84, 87, 93.

109 יעקב מילך, אויטאָביאָגראַפישע סקיצן, נ״י 1946, ז׳ 10.

110 דוד עדעלשטאַט, נ״י 1950, זז׳ 43, 47, 48, 50, 51, 70, 80, 103, 110—115, 118, 124, 125, 141, 142, 172, 261, 263, 278, 279, 289, 297, 301, 308, 328, 332, 334, 338, 340, 343, 344, 346, 348, 350—355, 358—360, 363—368, 370, 378, 379, 382, 390—392, 394—396.

**קוטשער, ב.**

133 געווען אַמאָל ווארשע..., פּאַריז 1955, זז' 93, 95.

**קריזאָווסקי, א. י.**

134 דאָס טעגלעכע ברויט, נ"י 1946, זז' 143—144.

**ראָבאַק, א. א.**

135 די אימפעריע יידיש, מעקסיקע 1958, זז' 71, 72, 73, 74, 77, 374.

**ראָגאָף, הלל**

136 דער גייסט פון „פאָרווערטס", נ"י 1954, זז' 61—67.

**ראַדעק, יעקב**

137 קונסט און קינסטלער, נ"י 1955, זז' 41, 55—56.

**ראָנטש, יצחק־אַלחנן**

138 אַמעריקע אין דער ייד' ליט', נ"י 1945, ז' 145.

**רויזענבלאַט, ה.**

139 דוד עדעלשטאַט־געדענקבוך, נ"י 1953, זז' 91, 92.

**ריווקין, ב.**

140 דער לעבעדיקער, זאַמלבוך, נ"י 1938, ז' 178.

141 ייד' דיכטער אין אַמעריקע, ב' 1, נ"י 1947, זז' 35—48.

142 גרונט־טענדענצן פון דער ייד' ליט' אין אַמעריקע, נ"י 1948, זז' 56—76.

**רימער, עסטער**

143 די יידישע פרוי, ב"א 1953, ז' 6.

**רייזען, א.**

144 נייע לידער, ווילנע 1929, ז' 343.

**שאָמער־באַטשעליס, ראָזע**

145 פּאָרטרעטן פון באַוווּסטע ייד' פּערזענלעכקייטן, לאָס אַנדזשעלעס 1955, זז' 63—69.

**ש[אַצקי], י[עקב]**

146 מאָריס ראָזענפעלדס אַ סאַטירי־שער דיאַלאָג אויף דעם ייד' טעאַטער, ארכיוו פאַר דער געש' פון ייד' טעאַ־טער און דראַמע, ווילנע־נ"י 1930, זז' 448—449.

**שאַצקי, יעקב**

147 Gino Gori — Il Teatro Contemporaneo, ד"ז, ז' 504.

148 סעפּאַראַטער אָפּדרוק פון זאַמל־ביכער 1, נ"י 1936, 32 זז'.

**שולמאַן, אליהו**

149 געש' פון דער ייד' ליט' אין אַמעריקע (1870—1900), נ"י 1943, זז' 141, 206—219.

**שווייד, מאַרק**

150 דאָס לעבן פון י. ל. פּרץ, נ"י 1955, ז' 260.

**שטיינבערג, י. ב.**

151 דוד עדעלשטאַט־געדענקבוך, נ"י 1953, ז' 131.

## וועגן מאָריס ראָזענפעלד אין העברעישע ביכער

**איַיזענשטאַדט, בן־ציון**

152 חכמי ישראל באמריקה, נ״י 1903, זז׳ 98—99.

**ברינד, משה**

153 משלש לשונות, נ״י תש״ג, זז׳ קז—קט.

**וינגרטן, י. — טובר, ד״ר מ.**

154 עמנו בעבר ובהוה, חלק שלישי, ספר ב, ורשה־נ״י־תל־אָביב 1938, ז׳ 266.

**כצנלסון, רחל**

155 מסות ורשימות, תל־אָביב, 1946, ז׳ 9.

**לעשצינסקי, שמואל**

156 יודיש באמריקה, מצודה, ספר שביעי, וולתאם, מאָס׳, 1954, ז׳ 533, 535, 536.

**מלצר, שמעון**

157 על נהרות, ירושלים 1956, זז׳ 41—42, 242—245.

**ניגר, שמואל — ריבולוב, מנחם**

158 אחיספר, מאסף לדברי ספרות, מן השירה האידית, נ״י 1943, זז׳ 371 —377.

**סדן, דב**

159 אבני בחן, תל־אָביב תשי״א, ז׳ 299.

160 קערת אגוזים, תל־אָביב, תשי״ג, זז׳ 219—220, 522.

**קוסמן, ל.**

161 אמנים ובונים, תל־אָביב 1955, זז׳ 41—47.

**שטאַרקמן, משה**

162 רשימות ביוגרפיות, על נהרות, ירושלים 1956, ז׳ 439.

## אין אַלמאַנאַכן, יאָרביכער און זאַמלביכער

**אונדזער יאָרבוך**

163 קינדער־רינג, פילאַדעלפיע, 1954, (מײַ), רבקה לייטער — זז׳ 47—50,ביילע סטופין — זז׳ 45—47, רחל קאַפּלאַן — זז׳ 50—53.

**אַלגין, מ.**

164 די פּראָלעטאַרישע דיכטונג אין דער ייִדי ליט׳, אלמאַנאַך פון אינט׳ אַרב׳ אָרדן, נ״י 1940, ז׳ 367.

**ביאַלאָסטאָצקי, ב. י.**

165 40 יאָר נאָך די טרייענגל־קרבֿ־נות, אַרב׳־רינג, נ״י 1951, ז׳ 25, 26.

166 טרויער־לידער פון מאָריס ראָ־זענפעלד, אַרב׳־רינג, נ״י 1956, זז׳ 30 —31.

**בינענשטאָק, ד״ר מ.**

167 צוויי תקופות אין דער ייִד׳ ליט׳, מילגרוים, העפט 6, בערלין 1924, זז׳ 31, 32, 34.

**ביילין, י. ב.**

168 דער בייטראָג פון ייִדן צו דער אַמער׳ ליט׳, פאָלקס־אַלמאַנאַך, נ״י 1947, ז׳ 178.

בעלייקין, נ.

169 דער לימוד פון געזאַנג, 20 יאָר פאָלקשול, יאָהאַנעסבורג 1957, ז׳ 17.

גלאַנץ, יעקבֿ

170 ליט׳ זאַמלונגען, III, שיקאַגאָ 1946, ז׳ 158.

האַרקאַווי, אַלעקסאַנדער

171 וועגן פּראָפ׳ לעאָ ווינערס ענגלישער איבערזעצונג פון מאָריס ראָזענפעלדס לידער, דער 20סטער יאָרהונדערט, נ״י 1900, זז׳ 41—47.

וועוויאָרקע, א.

172 אונדזער יחוס, שטערן, מינסק, אַפּריל 1930, זז׳ 80—90. — מײַ־יוני 1930, זז׳ 132—139. — יולי־אויגוסט 1930, זז׳ 76—80.

טאַבאַטשניק, א.

173 מאָריס ראָזענפעלד, ליט׳ זאַמלונגען, שיקאַגאָ 1943, זז׳ 9—39. — מאָריס ראָזענפעלד אין טאָג פון זײַן 60־יאָריקן יובילײַ, [ליד], זז׳ 40—41.

יודישעס טאַגעבלאַט

174 יובילײַ־נומער, נ״י 20 מאַרץ 1910, פּרץ ווערניק — ז׳ 55, מענדל לעווין — ז׳ 45, פיליפּ קראַנץ — ז׳ 11.

לאַנדאַו, חנה

175 מאָריס ראָזענפעלד, אַרבעטער־רינג יאָרבוך, נ״י 1945, ז׳ 43.

לייוויק, ה.

176 אַמעריקע, דער אינדזל, ב׳ 1, נ״י 1918, זז׳ 16—21.

מאַרגאָליסאָוו, לעאָ

177 די פּאַרפירטע, געדאַנקען וועגן מ. ראָזענפעלדס אַ ליד, יאָרבוך פּראָגרעס, וואַרשע 1904, זז׳ 137—142.

מייזיל, נחמן

178 די ייִד׳ ליט׳ אין אַמ׳ פאַר די לעצטע 30 יאָר, אין דינסט פון פאָלק, אַלמאַנאַך פון ייִד׳ פאָלקסאָרדן, נ״י 1947, זז׳ 294, —302.

מרגלית, ידידה

179 בעל מחשבות, אייראָפּעיִשע ליטעראַטור, וואַרשע יאָר (?), העפט 26, ז׳ 47.

מרמר, קלמן

180 יוסף באָוושאָווער, יאָרבוך פון אַמאָפּטייל II, נ״י 1939, ז׳ 32, 36, 37, 43, 52, 65, 66, 70, 71, 83.

181 דער אָנהייב פון אַ ייִד׳ ליט׳ אין אַמעריקע, אַלמאַנאַך, 10־יאָריקער יובילײַ פון אינט׳ אַרב׳־אָרדן, נ״י 1940, זז׳ 361—363.

ניגער, ש.

182 מאָריס ראָזענפעלד, צו זײַן 50־יאָריקן יובילײַ, די יודישע וועלט, מײַ 1913, זז׳ 95—108.

183 גײַע טענדענצן אין דער ייִדישליט׳ זינט נאָך דער מלחמה, אויפן שיידוועג, ב׳ 2, פּאַריז 1039, ז׳ 178.

פּרעסע־יובילײַ

184 75 יאָר ייִד׳ פּרעסע אין אַמעריקע, נ״י 1945, חנא גאָטעספעלד — ז׳ 98, א. גלאַנץ־לעיעלעס — ז׳ 85, יעקב פישמאַן — ז׳ 66, משה שטאַרקמאַן — ז׳ 30, 36, 41.

ראַדאָשיצקי, י. ה.

185 „הערשעלע״, דער לאָדזשער טרובאַדור, לאָדזשער יזכור־בוך, נ״י 1943, ז׳ 119.

### ראַוויטש, מלך

186 מאָריס ראָזענפעלד, צו די 60 יאָר זינט ער האָט אָנגעהויבן דרוקן זיינע לידער, יאָרבוך תש״ח 1947־48, ב׳ 6, יידישער ביכער־ראַט פון אַמע־ריקע, נ״י, זז׳ עא—עז.

187 פרץ מאַרקיש, זעמלביכער, 8, נ״י 1952, ז׳ 141.

### רובין, רבקה ר.

188 יידישער פאָלקלאָר אין אַמערי־קע, אין דינסט פון פאָלק, פאָלקסאָרדן, נ״י 1947, ז׳ 323.

### רובינשטיין, שמואל

189 דאָס פאָלקס־ליד און די נייעס־טע יידישע פּאָעזיע, מילגרוים, העפט 6, בערלין 1924, ז׳ 30.

### ריווקין, ב.

190 גרונט־טענדענצן פון דער ייד׳ ליט׳ זאמלביכער 2, נ״י 1937, זז׳ 318 —334.

### שאַצקי, י.

191 מאָריס ראָזענפעלד אין ליכט פון זיינע בריוו, זאמלביכער 1, נ״י 1936, זז׳ 339—366.

### שולמאַן, אליהו

192 זאַמלבוך לכבוד דעם 250סטן יובל פון דער ייד׳ פרעסע, אמאפּטייל, נ״י 1937, ז׳ 208.

### שטאַרקמאַן, משה

193 דער יונגער ייד׳ דיכטער אין אַמעריקע, המשך, זאַמלבוך 1, נ״י 1939, זז׳ 218—221.

194 דער אָנהייב פון דער ייד׳ ליט׳ אין אַמ׳ (1870—1886), יאָרבוך, ייד׳ ביכער־ראַט פון אַמ׳, נ״י 1943, זז׳ 5—6—צג—צד.

### שטיינבערג, נח

195 פאַרלאָנגט קריטיקער וואָס ליי־ענען, ייד׳ אמעריקע, זאַמלבוך, נ״י 1929, ז׳ 303.

### שמולעוויטש, י.

196 צווישן די קברים פון באַרימטע פערזענלעכקייטן, ארב׳־רינג, נ״י 1958, ז׳ 36.

## אין יידישע אַנטאָלאָגיעס און פנקסים

### באָסין, מ.

197 אַנטאָלאָגיע 500 יאָר יידישע פּאָעזיע, ב׳ 2, נ״י 1917, זז׳ 5—15.

198 אַמעריקאַנער ייד׳ פּאָעזיע, אַנ־טאָלאָגיע, נ״י 1940, זז׳ 9—28.

199 ייד׳ פּאָעזיע אויף אַמעריקאַנער מאָטיוון, נ״י 1955.

### גראַנאַווסקי, ר.

200 יצחק יואל לינעצקי, פנקס, ב׳ 1, ייוואָ, אַמ׳ סעקציע, נ״י 1928, ז׳ 212.

### הייזלער, קלמן

201 מאָריס ראָזענפעלד [ליד] המשך, אַנטאָלאָגיע פון אַמ׳ ייד׳ דיכ־טונג, נ״י 1945, זז׳ 169—170.

### וולאַדעק, ב.

202 פון דער טיפעניש פון הארץ, ב׳ 1, נ״י אַפּטייל 2, ז׳ 50. — אַפּטייל 3, ז׳ 31.

ל[אַנדוי], ז[ישאַ]

203 אַנטאָלאָגיע, נ״י 1919, ז׳ II, III, IV, V, VI.

204 מאָריס ראָזענפעלד, אַנטאָלאָגיע, נ״י 1919, זז׳ 147—149.

מייזיל, נחמן

205 אַמעריקע אין ייִדי׳ וואָרט׳ אַנ־טאָלאָגיע, נ״י 1955, זז׳ 82—93.

מעריסאָן, ד״ר י. א.

206 פנקס, ב׳ 1, 1927־1928, העפט 3, ייִוואָ, נ״י 1928, ז׳ 269.

מרמר, קלמן

207 פון מאָריס ראָזענפעלדס ליטע־ראַרישער ירושה, פנקס, ב׳ 1, נ״י 1928, ז׳ 212.

צום 100סטן געבוירנטאָג

208 מאָריס ראָזענפעלד־זאַמלונג, נ״י 1962, זז׳ 127: קלמן מרמר — זז׳ 73—82, ראובן ברײנין — זז׳ 83—87, ראָזע שאָמער־באַטשעליס — זז׳ 88—91, יואל סלאָנים — זז׳ 92—94, חיים זשיטלאָווסקי — זז׳ 95—98, נ. ב. מינקאָוו — זז׳ 99—103, ב. ריווקין — זז׳ 104, 107, נחמן מייזיל — זז׳ 108—114, ב. י. ביאַלאָסטאָצקי — זז׳ 115—119, בער גרין — זז׳ 120—123, מ[ייזיל] נחמן — זז׳ 125—127.

קיסין, י.

209 לידער פון דער מלחמה, אַנטאָ־לאָגיע, נ״י 1943, זז׳ 72, 112—113, 188.

שולמאַן, אליהו

210 המשך 2, נ״י 1940, זז׳ 116—117.

שטאַרקמאַן, משה

211 מאָריס ראָזענפעלדס אָנהייב (1886—1888), פנקס, 1927־1928, נ״י 1927, זז׳ 53—57.

212 המשך, 1918—1943, נ״י 1945, זז׳ 169—170.

## אין כרעסטאָמאַטיעס, לערן־ און געזאַנג־ביכער

אָסטראָווסקי, ב. — הורוויץ, ש.

213 כרעסטאָמאַטיע פאַרן דריטן און פערטן לערניאָר, נ״י 1927, ז׳ 117, 165.

באַסטאָמסקי, ש. — רייזען, ז.

214 דאָס לעבעדיקע וואָרט, כרעס־טאָמאַטיע, ווילנע 1928, זז׳ 12, 155, 247.

בירנבוים, מ. — קאַסעל, ד.

215 מיין בוך, פאַרן 2טן שוליאָר, וואַרשע 1920, זז׳ 126, 127—129.

בעזנאָסיק, ק. — עריק, מ. — רובין, י.

216 אַנטירעליגיעזער ליטעראַרישער לייענבוך, מאָסקווע ־ כאַרקאָוו ־ מינסק 1930, זז׳ 41—43, 57, 81—82, 93, 124—126, 302—303, 332—334, 372.

ברידזשער, דוד

217 דער אָנהייבער, נ״י 1957, זז׳ 143—144.

געלבאַרט, מיכל

218 געזאַנגבוך, פ׳ אַרבעטער־רינג, נ״י (יאָר ?), ז׳ 37, 41.

219 זינגט מיט מיר, נ״י 1945, זז׳ 94—95.

## טקאַטש, אברהם — צעסלער, שמואל

220 אונדזער המשך, ב״א 1953, זז׳ 220, 257—258.

## ידישע ליטעראַטור

221 כרעסטאָמאַטיע פאַר ליטעראַטור און קריטיק, קיִעוו 1928, מ. אַלגין — זז׳ 358—360, כ. ד. הורוויץ — ז׳ 71, ב. וויינשטיין — ז׳ 67, 68, 69, מ. שטאַרקמאַן — זז׳ 352—354, אַ. ליטוואַק — ז׳ 321, 323. — אַ. ליס־ווין — ז׳ 320, קלמן מרמר — ז׳ 344, ש. ניגער — זז׳ 354—358.

## יעפּרויקין, ז. — בעז, ח.

222 דאָס יודישע וואָרט, לייענבוך, נ״י 1947, זז׳ 3, 148—149.

## לעווין, יעקב

223 נייע יודישע שול, כרעסטאָמאַ־טיע, נ״י 1920, זז׳ 218—221, 254—255.

## לעווין, יעקב

224 דאָס נייע בוך, ליט׳ און היסטי׳ כרעסטאָמאַטיע, נ״י 1929, זז׳ 142, 289.

## ענטין, יואל

225 יודישע פּאָעטן, האַנטבוך, 2טער טייל, (יאָר ?), זז׳ 55—103.

226 פון יודישן קוואַל, לערנבוך און כרעסטאָמאַטיע, נ״י 1916, זז׳ 33—37, 100, 148—149, 153—154, 161, 168, 184, 200—201, 208—209, 286—290.

## ספּיוואַק, אליהו

227 יודיש, ליט׳ כרעסטאָמאַטיע פאַרן 3טן לערניאָר, וואַרשע 1922, זז׳ 141—142.

## פרילוצקי, נח

228 גאָלדענע פונקען, ב׳ 1, וואַר־שע (יאָר ?), זז׳ 74, 78, 79, 80, 83, 87.

# אין פרעמדשפּראַכיקע אַנטאָלאָגיעס

**AUSUBEL, NATHAN and MARYANN**

229. **A Treasury of Jewish Poetry,** N. Y. 1957, P. LXIX, 15-16.

**FLEG, EDMOND**

230. La Vie JUIVE Dans La Litterature, Vie Sentimentale. L'Amour, Morris Rosenfeld, **Anthologie Juive,** Sulliver 1951, P. 399-400, 403, 404.

**HARAP, LOUIS**

231. Preface, **Jewish Life, Anthology,** 1946-56, N. Y. 1956, P. 10, 54-55.

**LEFTWICH, JOSEPH**

232. Foreword, **Anthology of Yiddish Poetry,** Cambridge, Mass. 1939, P. XXXVI, 141-146.

**MILBAUER, JOSEPH**

233. **Poetes Yiddish D'Aujourd'hui,** Paris 1936, P. 7.

**RASKIN, PHILIP M.**

234. **Anthology of Modern Jewish Poetry,** N.Y. 1927, P. 134, 135-138, 138-142, 183-184, 186.

**RUBIN, RUTH**

235. Songs of the Jewish Labor Poets, **Jewish Life,** 1946-1956, N. Y. 1956, P. 43, 45-46, 49.

**GREBNIEW, LEONID (L. FAINBERG)**

236. **Iewreiskaia Poezia,** Antologia, T. 1, America, N. Y. 1947, P. 16-19.

## אין ייִדישע לעקסיקאָנען און ענציקלאָפּעדיעס

**זילבערצווייג, זלמן**

237 לעקסיקאָן פון ייִדישן טעאַטער, **ב׳ 2, וואַרשע 1934, זז׳ 814.**

**ניגער, ש.**

**238 ייִדישע ליטעראַטור אין דער צווייטער העלפט 19טן י״ה,** אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע, ייִדן — ג׳, **דובנאָוו־פאָנד און ציקאָ,** נ״י **1942, שפּאַלטן 125, 138. ייִדישע ליטעראַטור פון 1900 ביז 1942, קאָלום 145, ייִדיש־קולטור אין אַמעריקע, פּרעסע און ליטעראַטור,** אַלג׳ ענצ׳, ייִדן — ה׳, **נ״י 1957, ז׳ 109.**

**פּיעטרושקאַ, שמחה**

239 ייִדישע פאָלקס־ענציקלאָפּעדיע, **ב׳ 2, מאָנטרעאָל 1943, שפּאַלטן 741—742.**

**רייזען, זלמן**

240 לעקסיקאָן פון דער ייִדישער ליטעראַטור און פּרעסע, **וואַרשע 1914, שפּאַלטן 579—584.**

241 לעקסיקאָן פון דער ייִדישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע, ב׳ 4, **ווילנע 1929, שפּאַלטן 141—169**

**שאַצקי, י.**

**242 די ייִדישע פּרעסע אין אַמעריקע,** אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע, ייִדן — ג׳, נ״י **1942, שפּאַלט 260.**

**שטאַרקמאַן, משה**

243 ייִדישע ליטעראַטור **אין די פאַראייניקטע שטאַטן (1942—1955),** אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע, ייִדן — ה׳, **נ״י 1957, שפּאַלט 130.**

## אין פרעמדשפּראַכיקע לעקסיקאָנען און ענציקלאָפּעדיעס

**BAYON, LEIB**

244. La Literatura Idish, Tesoros del Judaísmo, Enc. Jud., México, D.F. 1957, P. 13.

**BINDER, A. W.**

245. **The Jewish People, Past and Present,** Jewish Enc. Handbooks, Vol. III, N. Y. 1952, P. 360.

**HAAS, JACOB DE**

246. **The Encyclopedia of Jewish Knowledge,** N. Y. 1946, P. 467.

**H[ANEMAN,] F[REDERICK] T.**

247. **The Jewish Encyclopedia,** Vol. X, N. Y. and London 1912, P. 475-476.

**MEISEL S, SAMUEL**

248. **Judisches Lexicon,** Band IV/I, Berlin 1928, S. 1493-1494.

**MENES, ABRAHAM**

249. The Jewish People, Past and Present, **Jewish Encyclopedic Handbooks,** Vol. II, N.Y. 1948, P. 368.

**MENES, ABRAHAM**

250. **The Jewish People, Jewish Encyclopedic Handbooks,** N. Y. 1955, Vol. IV, P. 350.

**MINKOFF, N. B.**

251. **The Universal Jewish Encyclopedia,** 1943, Vol. 9, P. 213-214.

**A. N.**

252. **Ottuv Slovnik Nauczny Nové Doby,** Praze 1939, Str. 738-739.

**NIGER, SAMUEL**

253. Yiddish Literature in the past two hundred years, **Jewish Encyclopedic Handbooks,** Vol. III, N. Y. 1952, P. 192, 194, 197, 198. Yiddish Culture, P. 285, 290, 291, 293.

**S[OLOWEITSCHIK], M.**

254. **Jüdisches Lexicon,** Band IV/I, Berlin, P. 1493-1494.

**S[ONNTAG], J.**

255. **Cassell's Encyclopaedia of World Literature,** Vol. II, N. Y. 1953, P. 1993.

**WINNINGER, S.**

256. **Grosse Judische National-Biographie,** B. 5, Cernauti, S. 239-241.

**WISCHNITZER, RACHEL**

257. Jewish Art, **Encyclopedic Handbooks,** Vol. III, N. Y. 1952, P. 297.

**ZUFRIEDEN, CLAUDE**

258. Litterature Yiddish, **Encyclopedie de la Pléiade,** Histoire des Litteratures, II, 1956, P. 1177, 1178, 1181, 1186.

**THE JUNIOR JEWISH ENCICLOPEDIA**

259. N. Y. 1957, P. 266-267.

**THE STANDARD JEWISH ENCYCLOPEDIA**

260. Jerusalem - Tel-Aviv 1958-9, P. 1613.

**VALENTINE JEWISH ENCYCLOPEDIA**

261. London 1938, P. 556-557.

**Ц (инбергъ)**

262. Еврейская Энциклопедія, Томъ XIII, Петербургъ, Столбы 589-596.

# וועגן מאָריס ראָזענפעלד אין פרעמדע שפּראַכן


**ARNOLD, Dr. KISS**

263. **Elöszó,** Koltemenyei (Gettodalok), Budapest 1908, P. 5-17.

**AUSUBEL, NATHAN & MARYNN**

264. **A Treasury of Jewish Poetry,** N. Y. 1951, LXIX, P. 15, 34, 77, 147, 157.

**AUSUBEL, NATHAN**

265. **Pictorial History of the Jewish People,** N. Y. 1958, P. 288.

**BETSKY, SARAH ZWEIG**

266. Introduction, **Onions and Cucumbers and Plums,** Detroit 1958, P. XVIII.

**BURKE, W. J. and HOWE, WILL, D.**

267. **American Authors and Books,** N. Y. 1943, P. 644.

**COWEN, PHILIP**

268. **Interesting Personalities** Memories of an American Jew, N. Y. 1932, P. 122-123, 387.

**CREEKMORE, HUBERT**

269. Rosenfeld, **A Little Treasury of World Poetry,** N.Y. 1952, P. 85-86.

**DANZIS, MORDECAI**

270. The Yiddish Press, Literature and Theatre in America, **American Jews,** Vol. I. N. Y. 1947, P. LV.

**DAVIS, PHILIP**

271. **Live and Learn,** N. Y. 1952, P. 59, 66-67.

**DOBZYNSKI, CHARLES**

272. Premier Regard Sur la Poésie Yidich. **Domaine Yidich,** Paris 1958, P. 46, 47.

**Дубнов. С.**

273. Новый центр в Америке, **Новейшая История Еврейского Народа,** Том III, Берлин 1923, Стр. 273.

**EBERLIN, E.**

274. Le Poéte du Ghetto, **Mercure de France,** Paris 1906, Tome LIX, P. 367-379.

**EISENBERG, AZRIEL**

275. **Modern Jewish Life in Literature,** N. Y. 1948, P. 252.

**ELBOGEN, ISMAR**

276. **A Century of Jewish Life,** Philadelphia 1944, P. 329.

**EPSTEIN, MELECH**

277. **Jewish Labor in U.S.A.** 1882-1914, N. Y., P. 99, 224, 276, 280-286.

**FEIWEL, BERTHOLD**

278. **Junge Harfe,** Berlin, P. 17, 24-27, 68-72.

**FEIWEL, BERTHOLD**

279. **Lieder des Ghetto von**

**Morris Rosenfeld,** Berlin - Wien 1902, 144 Seiten.

**GOLDBERG, SARAH**

280. Poets of Revolution, Edelstadt, Bovshover and Rosenfeld, **B'nai Brith Magazine,** Chicago, January 1927, P. 172-174.

**GRAYZEL, SOLOMON**

281. **A History of The Jews,** Philadelphia 1947, P. 694-695.

**GREENBERG, ELIEZER**
**HOWE, IRVING**

282. **A Treasury of Yiddish Stories,** N. Y. 1954, P. 68.

**HAPGOOD, HUTCHINS**

283. **Four Poets of the Ghetto,** New Rochelle, N. Y., Vol. XXXVI, March 1900, P. 250-258.

284. **The Spirit of the Ghetto,** N. Y. 1902, P. 91, 98, 99, 103-106, 111, 112, 195, 196, 202.

**HECHT, GEORG**

285. Die schöpferische Kritik, **Der Neue Jude,** Leipzig 1911, S. 150.

**HERMAN, MAKSO**

286. **Bilten Saveza Jevrejskih Opstina Jugoslavije,** Beograd, Septembar - Oktobar 1957, Str. 9-11.

**Іешуринъ, Г.**

287. Жаргонная Литература въ Соединенныхъ Штатахъ, **Восходъ,** Петербургъ, Ноябрь 1896, Стр. 12-19.

**KRAMER, AARON**

288. **The TEARDROP Millionaire and other Poems by Morris Rosenfeld,** N. Y. 1955, 32 Pages.

**Красный, Г. Я.**

289. Еврейская Художественная Литература за 1902, **Художественно - Беллетристический Сборникъ,** Петербургъ 1903, Стр. 115, 120-134.

**LEBESON, ANITA LIBMAN**

290. **The Jews, Their History, Culture and Religion,** ed. by Louis Finkelstein, Vol. I, N. Y. 1949, P. 336.

**LEVITAN, TINA**

291. The First Yiddish Poet, **The First of American Jewish History,** Brooklyn 1957, P. 145-146.

**LILIEN, E. M.**

292. Vorrede, **Lieder des Ghetto von Morris Rosenfeld,** Berlin 1902, S. 13-22.

**LIPTZIN, SOL**

293. **ELIAKUM ZUNSER, Poet of His People,** N. Y. 1950, P. 226, 227, 235, 238.

294. Enduring Yiddish Literature, **Congress Bi-Weekly,** N. Y., Oct. 1959, P. 15.

**MACY, JOHN**

295. **American Writers on American Literature,** N.Y. 1931, P. 460.

**MARK, YUDEL**

296. Yiddish Literature, **The Jews, Their History, Culture and Religion,** ed. by Louis Finkelstein, N. Y. 1949, Vol. II, P. 878, 883.

**MARMOR, KALMAN**

297. **The Teardrop Millionaire and other Poems,** N. Y. 1955, P. 8-12.

**MEISELS, SAMUEL**

298. Judenköpfe, Wien 1926, P. 256-265.

**MIAMI BEACH JEWISH OMNIBUS 1957**

299. Menachem Berisho, P. 70, 76, Melech Grafstein, P. 91, Jafte Jean, P. 41.

**MLOTEK, ELEANORE GORDON**

300. America in East-European Yiddish Folksong, **The Field of Yiddish,** N. Y. 1954, P. 180, 190.

**Моргулисъ, М.**

301. О Народной Еврейской Литературѣ, **Восходъ,** Петербургъ, Ноябрь 1900, Стр. 9.

**NOBLE, SHLOMO**

302. The Image of the American Jew in Hebrew and Yiddish Literature in America, **Yivo Annual of Jewish Social Science,** Vol. IX, N. Y. 1954, P. 101.

**NOSSIG, von Dr. ALFRED**

303. **Moderne Jüdische Dichtung,** Berlin 1907, P. 3, 10.

**OPATOSHU, JOSEPH**

304. Fifty Years of Yiddish Literature in the United States, **Yivo Annual,** Idem, P. 76, 80.

**PINES, M.**

305. **Histoire de la Literature Judeo - Allemande,** Paris 1911, P. 329-387.

**RABINOVITCH, ISRAEL**

306. **Of Jewish Life,** Montreal 1952, P. 247, 289.

**RAISIN, MAX**

307. **A History of the Jewish in Modern Times,** N. Y. 1919, P. 322-323.

**REISEN, ABRAHAM**

308. **Sholom Aleichem Panorama,** London - Canada, P. 202.

**RESNICK, SALOMON**

309. **Esquema de la Literatura Judía,** Bs. As. 1933, P. 58-61.

**B. RICH, J. C.**

310. **Go Years of The Jewish Daily Furward, N.Y.[1951],** P. 25.

**ROBACK, A. A.**

311. **Curiosities of Yiddish Literature,** Cambridge, Mass. MCMXXXIII, P. 58, 65, 153, 172, 185, 193, 197, 200, 203.

**ROBACK, A. A.**
312. **The Story of Yiddish Literature,** Yiddish Scientific Institute, N. Y. 1940, P. 22, 132, 148, 167, 173-182, 201, 248, 266, 279, 286, 350, 395, 407, 411. Supplement to **The Story of Yidd. Lit.,** Cambridge, Mass. 1940, P. 26.

**ROBACK, A. A.**
313. **Contemporary Yiddish Literature, World Jew. Congress,** British Section, London 1957, P. 26, 86.

**ROGOFF, HARRY**
314. **Nine Yiddish Writers,** N. Y., P. 3-11.

**RUBIN, RUTH**
315. **A Treasury of Jewish Folksongs,** N. Y. 1950, P. 25-26, 110-111.

**Рубиновъ, И.**
316. Нію - Іоркскія впечатлѣнія, **Книжки Восхода,** Петербургъ, Ноябрь - Декарбь 1905, Стр. 265.

**RUSU, M.**
317. **Cintece Din Ghetto,** Traduse din jidoveste cu Invdirea Autorului, Jasi 1904, 116 Pages.

**Сборникъ "Будущность"**
318. Томъ III: К. Адлеръ — Евреи въ Америкѣ, Петербургъ 1910, Стр. 259.

**SENDEREY, ALFRED**
319. **Bibliography of Jewish Music,** Columbia University, N. Y. 1951, P. 256, 257, 286, 287, 289, 290, 291, 292, 293, 302, 305, 322, 330.

**SHATZKY, JACOB**
320. Some letters to and from JACOB GORDIN, **Yivo Annual,** Vol. IX, N.Y. 1954, P. 126, 127.

**SOLTES, MORDECAI**
321. **The Yiddish Press,** Teachers College, Columbia University, N. Y. 1950, P. 183.

**STOKES, ROSE PASTOR and FRANK, HELENA**
322. **Songs of Labor and other Poems by Morris Rosenfeld,** Toronto 1914, 75 Pages.

**WALDMAN, IZRAEL**
323. **Wiazanka,** Tl. Morrisa Rosenfelda, Stanislawow 1903, 58 Str.

**WAXMAN, MEYER**
324. **Jewish Literature in the World of Tomorrow, Israel of Tomorrow,** N. Y., P. 279.

**WAXMAN, MEYER**
325. **A History of Jewish Literature,** Vol. IV, N. Y. 1947, P. 1005-1008.

**WIENER, LEO**
326. **History of Yiddish Literature in the nineteenth Century,** N.Y. 1899, P. 107, 125, 126, 127, 128, 129, 131.

**W[IENER], L[EO]**

327. Introduction to the first edition and second edition, **Songs from the Ghetto,** Boston 1900, P. V-VII.

**WIERNIK, PETER**

328. Yiddish Literature, Drama and the Press, **History of the Jews in America,** N.Y. 1912, P. 418.

**AMERICAN JEWISH YEAR BOOK**

329. Philadelphia 1904, P. 172.

**LITERARY HISTORY OF THE UNITED STATES BIBLIOGRAPHY**

330. The Macmillan Company, N. Y. 1948, P. 301.

*

# נאָכבאַמערקונגען

◈ ביים אויספורעמען אַט דעם 13טן באַנד **מוסטערווערק** פון דער יידישער **ליטעראַטור** האָט די רעדאַקציע איינגעזען, אַז דאָס בוך **מאָריס ראָזענפעלד** — **אויסגעקליבענע שריפטן** וועט אַ סך געווינען, ווען אַנשטאָט אָפּצוהיטן דעם כראָנאָלאָגישן סדר פון די שאַפונגען וועלן די לידער בעסער **גרופּירט** ווערן **נאָך דער טעמע.** אַזוי אַרום קומט בולטער אַרויס **ראָזענפעלדס געשטאַלט.**

◈ ווי אין די פריערדיקע בענד זיינען אויך אין דעם בוך די **טיטלען** פון די אָפּטיילונגען נישט קיין קאָפּיעס פון ראָזענפעלדס אַנדערע ביכער, נייערט **כאַראַקטעריסטישע אויסדרוקן** אַרויסגענומענע פון זיינע לידער אָדער פּראָזע.

◈ דער כלל אין **מוסטערווערק** איז צו ברענגען גאַנצע שאַפונגען, **נישט קיין פראַגמענטן.** ווי אַ יוצא מן הכלל זיינען אין דעם בוך „דאָס ליד פון מאַשינען" און „האַרבסט־בלעטלעך".

◈ נישט בלויז צוליב קאָנווענציאָנעלער פּיעטעט פאַר דעם שרייבער, נאָר בכדי עס זאָל זיין **אויטענטיש** ראָזענפעלדס **שרייבמאַניר** און די **שפּראַך־טראַדיציע** פון דער **צייט און אָרט,** זיינען איבערגעלאָזט געוואָרן אַ סך **דייטשמעריזמען** און **אַנגליציזמען.** עס קומען, נאַטירלעך, די נייטיקע טייטשן און דערקלערונגען. די אויטענטישקייט איז דער **ליטעראַטור־היסטאָרישער** פאָרבאַדינג.

**ש. ר.**



## ביז איצט דערשינען פֿאַר דער ביבליאָטעק
# מוסטערווערק פֿון דער יידישער ליטעראַטור
## אונטער דער רעדאַקציע פֿון שמואל ראָזשאַנסקי

1) שלמה עטינגער — אויסגעקליבענע שריפֿטן
2טע אויפֿלאַגע (312 זײַטן)

2) מאַרק וואַרשאַווסקי — יִדי' פֿאָלקסלידער, 2טע אויפלאַגע (216 זײַטן)

3) ה. ד. נאָמבערג — אויסגעקליבענע שריפֿטן
2טע אויפלאַגע (256 זײַטן)

4) מענדעלע מוכר ספֿרים — מסעות בנימין השלישי
2טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)

5) לייב נײַדוס — אויסגעקליבענע שריפֿטן (208 זײַטן)

6) יעקבֿ דינעזאָן — יאָסעלע, קריזיס, 2טע אויפלאַגע (256 זײַטן)

7) משה בראָדערזאָן — אויסגעקליבענע שריפֿטן (272 זײַטן)

8) אליהו בחור — בבֿא־בוך (256 זײַטן)

9) דוד פינסקי — אויסגעקליבענע שריפֿטן, 2טע אויפלאַגע (352 זײַטן)

10) שמעון פֿרוג — אויסגעקליבענע שריפֿטן (216 זײַטן)

11) י. ל. פרץ — אין 19טן יאָרהונדערט, 2טע אויפלאַגע (272 זײַטן)

12) י. ל. פרץ — אין 20סטן יאָרהונדערט, 2טע אויפלאַגע (272 זײַטן)

13) מאָריס ראָזענפֿעלד — אויסגעקליבענע שריפֿטן (240 זײַטן)

14 דוד האָפֿשטיין, איזי כאַריק, איציק פֿעפֿער — שריפֿטן. (272 זײַטן)

15) מרדכי ספּעקטאָר — דער יידישער מוזשיק, ראָמאַן (272 זײַטן)

16) ה. לייוויק — אויסגעקליבענע שריפֿטן (352 זײַטן)

17) שלום עליכם — מנחם־מענדל, 2טע אויפלאַגע (272 זײַטן)

18) אַבֿרהם גאָלדפֿאַדען — אויסגעקליבענע שריפֿטן (256 זײַטן)

19) י. י. שוואַרץ — קענטאַקי, א. ראַבאַי — הער גאָלדענבאַרג
(פּיאָנערן אין אַמעריקע) (312 זײַטן)

20) חיים־נחמן ביאַליק — אויסגעקליבענע שריפֿטן (384 זײַטן)

21) ש. אַנ־סקי — אויסגעקליבענע שריפֿטן (296 זײַטן)

22) מענדעלע מוכר ספֿרים — פֿישקע דער קרומער (256 זײַטן)

23) **יוסף אפּאַטאָשו — אין פּוילישע וועלדער** (416 זײַטן)
24) זלמן רייזען — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (304 זײַטן)
25) יהואש — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)
26) **גליקל האַמיל — זכרונות** (352 זײַטן)
27) שלום עליכם — **טבֿיה דער מילכיקער** (288 זײַטן)
28) אַבֿרהם רייזען — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)
29) אַנטאָלאָגיע — **די פּרוי אין דער ייִדישער פּאָעזיע** (416 זײַטן)
30) ר׳ נחמן בראַצלעווער — **סיפּורי־מעשׂיות** (224 זײַטן)
31) מרדכי אַלפּערסאָן — **אין אַרגענטינע** (320 זײַטן)
32) פּרץ הירשביין — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (336 זײַטן)
33) אַנטאָלאָגיע — **ייִדיש אין ליד** (264 זײַטן)
34) מנחם באָרײשאָ — **דער פֿרעמדער, זאַוול רימער** (320 זײַטן)
35) אַנטאָלאָגיע — **ווען אַ פֿאָלק דערוואַכט** (464 זײַטן)
36) אַנטאָלאָגיע — **נוסח השׂכּלה** (272 זײַטן)
37) ז. סעגאַלאָוויטש — **לידער, דערציילונגען, זכרונות** (352 זײַטן)

**פֿאַר דער סעריע פֿון 1968 דערשײַנט:**

38) מעשׂה־בוך, **צוגעגרייט פֿון יעקבֿ מייטליס.**

**אין 1969 וועלן דערשײַנען אָט די 4 ביכער:**

39) אונטער אָקופּאַציע: **עוזר וואַרשאַווסקי / שמוגלערס.**
40) ערבֿ חורבן: **מיכל בורשטיין / בײַ די טײַכן פֿון מאַזאָוויע און לידער פֿון יחיאל לערער, חיים סעמיאַטיצקי, ישׂראל שטערן, משה שימעל.**
41) חורבן: **אַנטאָלאָגיע / פּאָעזיע, פּראָזע.**
42) אויפֿשטאַנד: **אַנטאָלאָגיע / פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע.**

---

- edición se terminó de imprimir el día 22 de septiembre de 1962 en los Talleres Gráficos "Zlotopioro Hnos.", San Luis 3149, Bs. As.

